ביכער־פערלאג „צוקונפט"

ק. מארקס און פר. ענגעלס.

דער

# קאמוניסטישער מאניפעסט.

איבערזעצט דורך

ד. ט.



פרייז 6 קאפ.

ווילנא.

דרוק פון י. פיראושניקאוו.

1906.

# בורזשוא און פּראָלעטאַריער[1]

די געשיכֿטע פֿון יעדער געזעלשאַפֿט, וואָס האָט ווען עס איז ביז אַהער עקזיסטירט, איז די געשיכֿטע פֿון קאַמפּף פֿון איהרע קלאַססען.

דער פֿרייער מענש און דער קנעכֿט, די אַמאָליגע רוימישע אַריסטאָקראַטען, די פּאַטריציער און דער רוימישער המון, דער פֿלעבייער, דער באַראָן פֿון מיטעלאַלטער און זיין אונטערטהאָניגער בויער, דער פּאַרובאָק, דער צעכֿאָווער בעל-מלאכה און זיין אַר־בייטער, קורץ געזאָגט, דער הערשער און דער פֿערשקלאַפּטער, האָבען שטענדיג געפֿירט איין און אויפֿהערליכֿען, דאָ איין פערשטעלטען און דאָ איין אָפֿענעם קאַמפּף, איין קאַמפּף, וועלכֿער פֿלעגט זיך יעדען מאָל ענדיגען אָדער מיט איין גרינדליכֿע רעוואָלוציאָנערע איבערקערענים אין דער גאַנצער געזעלשאַפֿט, אָדער מיט דעם אונטערגיין פֿון אַלע קלאַססען צוזאַמען, וואָס האָבען געקעמפּפֿט צווישען זיך.

אין אַלע פֿריהערדיגע עפּאָכֿען פֿון דער מענשליכֿער געשיכֿטע געפֿינען מיר כמעט אומעטום איין שאַרפֿע צושפּאַלטונג פֿון דער געזעלשאַפֿט אויף פֿערשיעדענע שטאַנדען, וואָס האָבען פֿערנומען איין פֿערשיעדענע מדרגה אין דעם געזעלשאַפֿטליכֿען לעבען. אין דעם אַלטען רוים בעגעגענען מיר די פּאַטריציער, די רייטער, די פֿלעבייער, די שקלאַפֿען. אין מיטעלאַלטער — די פֿעאָדאַלען, וואַססאַלען[2]), צעכֿאָווע בעלי-מלאכות, זייערע אַרבייטער, די האַלבע פֿעדשקלאַפּטע פויערים פֿון פּאַנשציזנע און אין יעדער פֿון די קלאַססען נאָך זיינע אייגענע בעזונדערע צוטיילונגען און שטופֿען.

די יעצטיגע בורזשואַזנע געזעלשאַפֿט, וואָס האָט זיך געגרינדעט אויף די חורבות פֿון דער פֿעאָדאַלער געזעלשאַפֿט האָט ניט פֿער־ניכֿטעט די קלאַססען היפוכים. אַנשטאָט די אַלטע האָט זי נור אַוועק־געשטעלט נייע קלאַססען, זי האָט בעשאַפֿען נייע מיטלען פֿון קאַמפּף.

[1]) מענשען וואָס האָבען ניט קיין פֿערמעגען.

[2]) מענשען, וואָס זיינען געווען אונטערטהעניג די פעאָדאַלע באַראָנען, פֿלעגען דאַרפֿען צושטעלען אַ געוויסע צאָהל מענטשען און קריגס מאַטעריאַל אין די צייט פֿון קריג און פֿלעגען צאָהלען געוויסע ציגזען, די וואַססאַלען אַליין פֿלעגען האָבען אונטער זיך די פויערים.

אונזער בורזשואַזע עפּאָכע כאַראַקטעריזירט זיך מעהר ניט מיט דעם, וואָס זי האָט געמאַכט איינפֿאַכער די קלאַססען-געגענזעצען. די גאַנצע געזעלשאַפֿט צופֿאַלט זיך, וואָס ווייטער אַלץ מעהר אויף צוויי גרויסע פֿיינדליכע מחנות, אויף צוויי גרויסע קלאַססען, וואָס שטייען גלייך איינער געגען דעם אַנדערען. די בורזשואַזיע און דער פּראָלעטאַריאַט. פֿון די קרעפּאָסטנייע פֿון מיטעלאַלטער זיינען אַרויסגעגאַנגען די אַיינוואוינער, די בירגער פֿון די ערשטע שטעדט; פֿון די שטאָדטישע בירגער האָבען אַרויסגעשפּראָצט די ערשטע בליהונגען פֿון דער בורזשואַזיע.

די ערעפֿנונג פֿון אַמעריקאַ, דער נייער וועג דורכ'ן ים אַרום אַפֿריקאַ, האָבען אַוועקגעגעבען אין דעם רשות פֿון דער נויטבעדערפֿטיגע בורזשואַזיע נייע לענדער. די מערק פֿון אָסט-אינדיען און קיטאַי, די בעזעצונג פֿון אַמעריקאַ, דער פֿערקעהר מיט די קאָלאָניען, די פֿערגרעסערונג פֿון די האַנדלסמיטלען, און פֿון אַלע סחורות בכלל, האָבען געגעבען דעם האַנדעל, דעם ים-פֿערקעהר אין דער אינדוסטריע, אַזאַ הויב, וואָס ביז דאַן האָט מען נאָך פֿון דעם ניט געוואוסט. און דאָס אַליין האָט מיט געבראַכט, אַז עס זאָל זיך גיך ענטוויקלען אַליין רעוואָלוציאָנערער עלעמענט אין דער פֿעאָדאַלער געזעלשאַפֿט, וואָס האָט געהאַלטען ביין צופֿאַלען.

דער פֿעאָדאַלער אָדער דער צעכאָווער אופֿן פֿון פּראָדוקציאָן, וואָס האָט עקזיסטירט ביז דאַן, האָט מער ניט גאַרמאָנירט מיט די נייע, גרויסע בעדירפֿניסען אויף סחורות, וואָס איז געוואַקסען צוליעב די נייע מערק. דעם אָרט פֿון די פֿריהערדיגע פּראָדוקציאָנס סיסטעם פֿערנעמט די מאַנופֿאַקטור[3]), די צעכאָווע בעלי-מלאכות זיינען געוואָרען אַרויסגעשטופּט דורך דעם אינדוסטריעלען מיטעלקלאַסס, די צוטיילונג פֿון דער אַרבייט צווישען פֿערשיעדענע צעכאָווע פֿעראַיינען איז פֿערשוואונדען, אַנשטאָט דעם איז איינגעפֿירט געוואָרען די צוטיילונג פֿון דער אַרבייט אין יעדער בעזונדערן ווערשטאַט גופא.

די מערק זיינען אַלץ מעהר געוואַקסען און דער אנשלאַג אויף סחורה איז געוואָרען אַלץ גרעסער. די מאַנופֿאַקטור האָט שוין אויך מעהר ניט געקענט בעפֿרידיגען דעם פֿערלאַנג. אָט דאָ האָבען דער דאַמפּף און די מאַשין רעוואָלוציאָניזירט די פּראָדוקציאָן. אַנשטאָט

[3]) מאַנופֿאַקטור אונטער שיידעט זיך פֿון קליין ווערקשטאַט מיט דעם, וואָס אין איהר עקזיסטירט אַ בעדייטענדער צוטיילונג פֿון דער אַרבייט, און פֿון פֿאַבריק מיט דעם, וואָס אין איהר זיינען נאָך ווייניג איינגעפֿירט מאַשינען.

די מאַנופֿאַקטור האָט זיך בעפֿעסטיגט די גרויס פּראָדוקציאָן, אַנ-שטאָט דעם אינדוסטריעלען מיטעל קלאַסס — מיליאָנערען, הערשער איבער גאַנצע פּראָדוקטיווע אַרמעען, די היינטיגע בורזשואַזיע.

די גרויסע אינדוסטריע האָט געשאַפֿען דעם וועלט מאַרק, וועלכער איז שוין געוועזען אַ ביסעל צוגעגרייט דורך די ענטדעקונג פֿון אַמעריקאַ. דער וועלט מאַרק האָט אַרויס גערופֿען, אַזאַ שטאַרקע ענטוויקלונג פֿון האַנדעל, פֿערקעהרס מיטלען אויף דעם ים, און אויף דער יבשה, וואָס עס איז שווער געוועזען אויסצורעכענען.

דיעזער ענטוויקלונג האָט ווידער געמאַכט אַיין ווירקונג אויף'ן וואוקס פֿון דער אינדוסטריע, און צוזאַמען מיט דעם וואַקסען פֿון פּראָדוקציאָן, פֿון האַנדעל, פֿון ים-פֿערקעהר, פֿון די נייע פֿון אייזענ-באַהנען האָט זיך אויך ענטוויקעלט די בורזשואַזיע, פֿערמעהרענדיג איהרע קאַפּיטאַלען און אָפּשטופּענדיג אויפֿען הינטערשטען פּלאַץ אַלע קלאַססען, וואָס זיינען איבער געגאַנגען פֿון מיטעלאַלטער.

אָט אַזוי זעהען מיר אַז די בורזשואַזיע אַליין איז אַ פּראָדוקט פֿון אַ דויערנדען פּראָצעס פֿון ענטוויקלונג, פֿון אַ גאַנצע רייהע איבערקערעניסען אין דעם אופֿן פֿון פּראָדוקציאָן און פֿון מענשען-פֿערקעהר, יעדערע פֿון די ענטוויקלונגס שטופּען פֿון דער בורזשו-אַזיע האָט זיך בעגלייט מיט איין פּאַסענדען פּאָליטישען פּראָצעס. דאָ איז די בורזשואַזיע אַ פֿערשקלאַפֿטער שטאַנד אונטער די הערשונג פֿון פֿעאָדאַלע הערען, און דאָרטען איין בעוואָפֿענטע געזעלשאַפֿט מיט איין איינענע פֿערוואַלטונג אין דער קאָממונע[1]), דאָ איין אונ-אַבהייניגע שטעדטישע רעפּובליק און דאָרטען איין דריטער שטאַנד אין איין מאָנאַרכישע מלוכה, וואָס האָט געטראָגען אויף זיך בעזונדערע אָבצאָלונגען; נאָכהער אין די צייט פֿון מאַנופֿאַקטור איז זי אַרויס געטראָטען געגען דעם אַדעל אין דער אומבעגרענצטער מאָנאַרכיע, אָדער אפֿילו אין דער מאָנאַרכיע, וואָס איז געוועזען בעגרענצט מיט פֿאָרשטייער פֿון אַלע שטאַנדען, און איז בכלל געוועזען דער הויפּט פֿונדאַמענט פֿון אַלע גרויסע מאָנאַרכיען. ענדליך פֿון דער צייט זינט עס איז ענטשטאַנען די גרויספּראָדוקציאָן און דער וועלט מאַרק, האָט זי עראָבערט אין דעם היינטיגען פֿאָרם פֿון רעגירונג, פֿון פֿאָלקס פֿאָרשטעהער די אויסשליסליכע און מעכטיגע פּאָליטישע הערשאַפֿט.

די היינטיגע רעגירונגס מאַכט איז נור די פֿאָרשטייהערין פֿון דער בורזשואַזיע, וואָס איז זיך מתעסק מיט די געזעלשאַפֿליכע ענינים פֿון דעם גאַנצען בורזשואַזען קלאַס.

די בורזשואזיע האט געשפילט אין דער געשיכטע די העכסטע רעוואלוציאנערע ראליע.

די בורזשואזיע, דארט וואו זי פלעגט זיך דערשלאגען איהר הערשאפט, האט פערניכטעט אלע פעאדאלע, פאטריארכאלע, אידילישע בעציעהונגען. זי האט אן רחמנות צוריסען די פיל פארביגע פעאדאלע פענטעס, וואס האבען פערבונדען דעם מענשען מיט זיין נאטירליכען הערשער און האט ניט געלאזען בין אדם לחברו קיין אנדערע בעציעהונגען, ווי דעם טרוקענעם אינטערעס; דעם געפיעל-לאזען אויס-רעכענונג אויף „בארע געלד". זי האט דערטרונקען אין די אייזקאלטע וואסער פון דער עגאאיסטישער אויסרעכענונג, די היילגע שוידערניש פאר פרומע התלהבות, די בעגייסטערונג פון די ריטער, די בירגערליכע סאנטימענטאליטעט. זי האט איבער געארבייט די זעלבסטעהרע אין איין האנדלס זאך, אין א סחורה און האט פערביטען די אלע צאלרייכע פרייהייטען בעשטעטיגטע דורך בריעף פון קיסרים און רעגירונגען און ערדרייכטע מיט אנדערע מיטלען, מיט איינעם: מיט די אונפערשעמטע פרייהייט פון האנדעל. מיט איין ווארט, זי האט פערביטען די עקספלואטאציאן וואס איז געווען פערדעקט מיט רעליגיעזע און פאליטישע איללוזיען מיט איין עקטפלואטאציאן איין אפפענבארע, איין אומפערשעמטע, איין דירעקטע, איין עקספלואטאציאן אן רחמנות.

די בורזשואזיע האט אראב געריסען די ליכטשטראלען, מיט וועלכע עס זיינען געווען ארומגערינגעלט איינינע בעשעפטיגונגען, וואס האבען זיך ביז דאן גערעכענט פיר בעזונדערס געעהרטע, וואס פלעגען ארויס רופען צו זיך איין הויכע אכטונג, איין פורכטזאמע פערגעטערונג. זי האט געמאכט פון דעם דאקטאר, דעם יוריסט, דעם פריסטער, דעם פאעט, דעם געלעהרנטען איהרען א פשוטען געדונגענעם ארבייטער.

די בורזשואזיע האט אראב גענומען פון די בעציעהונגען אין דער פאמיליע איהר ריהרענדען, סאנטימענטאלען צודעק, און האט פון זיי געמאכט איין געלד-עסק.

די בורזשואזיע האט ארויס געוויזען אז די גראבע קראפט אין דעם מיטעל-אלטער, פיר וועלכע די רעאקציאן ווערט נאך יעצט אזוי נתפעל, פלעגט, אבער נאכהער, נאך איין קורצע בעלעבטע טהעטיגקייט אריינפאלען אין א שווערען אונבעוועגליכען שלאף. נור זי האט בעוויזען, וואס די מענשליכע טהעטיגקייט קען אין אמת'ען בעשאפען. זי האט בעשאפען וואונדערליכע געביידען פון איין אנדערען

סאָרט, ווי די גרויסע פּיראַמידען פון מצרים, די גיגאַנטישע רוימישע געביידען און די גאָטישע קלויסטערס פון מיטעל אַלטער; זי האָט דורכגעמאַכט אַנדערע בעוועגונגען, ווי די מסעי הצלב און די גרויסע וואַנדערונג פון די פעלקער.

די בורזשואַזיע קען ניט עקזיסטירען אָן דעם, אַז זי זאָל ניט רעוואָלוציאָניזירען די מיטלען פון פּראָדוקציאָן, צוזאַמען מיט דעם די בעציהונגען אין דער פּראָדוקציאָן און דעריבער אויך די געזעלשאַפליכע בעציהונגען, אַלע צוזאַמען. דאָס, וואָס די אַלטע אופנים פון אויסאַרבייטונג האָבען געטראָגען איין צייט אין אונפערביטענעם אויסזעהען איז געווען פריהער די וויכטיגסטע סבה, וואָס די אַלע אינדוסטריעלע קלאַססען האָבען נאָך געקענט ציהען. די בורזשואַזיע עפּאָכע אונטערשיידעט זיך בילט פון אַלע אַנדערע טאַקע מיט דעם, וואָס אין איהר קומט פאָר איין שטענדיגער איבערקערענים אין דער פּראָדוקציאָן, איין אונאויפהערליכע ציטערנים פון אַלע גרונדען פון דער געזעלשאַפט, וואָס אין איהר איז ניטאָ קיין גלייכגעוויכט, וואָס אין איהר קומט פאָר אַ אייביגע בעוועגונג. אַלע פערהאַרטעוועטע, פערהאַסטע בעציהונגען מיט די געהערטע, אַלטמאָדישע פאָרשטעלונגען און איבער-צייגונגען, וואָס בעגלייטען זיי שטענדיג, ווערען פערניכטעט, אַלע נייע ווערען שוין אַלט איידער זיי האָבען געהאַט די מעגליכקייט צו פערשטיינערט ווערען. דאָס אַלץ, וואָס האָט בעשאַפען די קאַסטע, דער שטאַנד, און וואָס איז געוואָרען איינגעוואָרצעלט, איז פערשוואונדען ווי אַ רויך. אַלע הייליגטומען ווערען מטמא, און אַם ענדע מוזען די מענשען אָנהויבען צו קוקען ניכטער אויף זייער לאַגע און אויף זייערע געגענזייטיגע בעציהונגען.

די בעדערפנים צו פערקויפען אַלע איהרע סחורה, וואָס ווערט אַלץ גרעסער ביי די בורזשואַזיע, טרייבט איהר איבער דעם גאַנצען ערד-קוגעל, זי וויל זיך אומעטום איינפלאַנצען, אומעטום ווערען אַ בעל-הבית'טע, אומעטום שאַפען פערבינדונגען.

מיט איהר עקספּלואַטאַציאָן פון דעם וועלטמאַרק האָט די בורזשואַזיע צו-געגעבען איין קאָסמאָפּאָליטישען כאַראַקטער דער פּראָדוקציאָן און דער פערניצונג פון די פּראָדוקטען אויף דער גאַנצער ערד. צו די גרויסע אונצופרידענהייט פון די רעאַקציאָנערען האָט זי צוגענומען ביי די אינדוסטריע איהר נאַציאָנאַלען באָדען. די אַלטע צווייגען פון דער נאַציאָנאַלער אינדוסטריע ווערען מיט יעדען טאָג פערניכטעט. זיי ווערען אַרויסגעשטופּט דורך אַזאַ פּראָדוקציאָן, וואָס איז געגרינדעט אויף נייע אופנים, וואָס איהר איינפיהרען איז אַ פראַג

פֿון לעבען און טוט ביי אַלע ציוויליזירטע לענדער; זי ווערט אַרויס געשטופּט דורך אַזאַ פּראָדוקציאָן, וואָס בעאַרבייט ניט נור אָרטיגע רויהע פּראָדוקטען, נור אפילו פֿון די ווייטסטע לענדער, און איהרע סחורות ווערען פֿערנוצט ניט נור אויף איין אָרט, נור אין אַלע וועלטטיילען, אַנשטאָט די אַלע בעדערפֿניסע, וועלכע פֿלעגען ווערען בעפֿרידיגט מיט די פּראָדוקטען פֿון יעדער לאַנד בעזונדער, ווערען יעצט געבאָרען נייע, פֿיר וועלכע עס איז נויטיג די פּראָדוקטען פֿון די ווייטסטע לענדער און פֿערשיידענסטע קלימאַטען. די אַיינגעשלאָסענהייט פֿון די פֿעלקער, וואָס עס גיבט זיי די מעגליכקייט קריגען ביי זיך אַלץ, אין וואָס זיי נויטיגען זיך, ווערען פֿערביטען מיט אַיין בעלעבטען פֿערקעהר און מיט אַיין צוזאַמענהאַנג צווישען זיי אין אַלע פֿאַכען פֿון לעבען; אויף דעם פֿעלד פֿון גייסטליכע שאַפֿונג בעמערקען מיר די זעלבע זאַך, וואָס ביי די אויסאַרבייטונג פֿון מאַטעריעלע פּראָדוקטען. די פּרות פֿון גייסטליכע שאַפֿונג פֿון יעדער פֿאָלק ווערט אַיין אַלגעמיינער פֿערמעגען פֿון אַלע פֿעלקער. נאַציאָנאַלע אַיינזייטיגקייט און בעגרעניצקייט ווערען אונמעגליך, און פֿון פֿיעלע נאַציאָנאַלע און אָרטיגע ליטעראַטורען ווערט איינע, איין אַלוועלטליכע.

די בורזשואַזיע ציהט אַריין אויף דעם וועג פֿון ציוויליזאַציאָן אַלע פֿעלקער, אפילו העכסט באַרבאַרישע, דורך דעם, וואָס זי פֿערבעסערט די אויסאַרבייטונגס מיטלען און פֿערגרינגערט אונענדליך דעם מענשליכען פֿערקעהר. די וואָלוועלע פּרייזען פֿון איהרע סחורות, זיינען איהר אַרטילעריע, מיט וועלכע זי גראָבט אַראָפּ אַלע כינעזישע וואַנד, וואָס טיילען אָפּ איין פֿאָלק פֿון דער גאַנצער איבעריגער וועלט, און זי נייטיגט זיך אונטערצוגעבען אַלע באַרבאַרען, וואָס טראָגען אַיין ניט שטילענדען האַס צו אַלעם אויסלענדישעם. זי נויטיגט אַלע פֿעלקער אָננעמען די פּראָדוקציאָנס מיטלען פֿון דער בורזשואַזיע, ווייל ווען ניט מוזען זיי אונטערגיין. זי צווינגט אַיינצופֿיהרען ביי זיך דאָס, וואָס מען רופֿט ציוויליזאַציאָן, ד. ה. ווערען בורזשואַ, מיט איין וואָרט, זי בעשאַפֿט די וועלט נאָך איהר געשטאַלט, בצלמו וכדמותו.

די בורזשואַזיע האָט פֿערשפּרייט איהר הערשונג אויך אויף דעם דאָרף. זי האָט בעשאַפֿען גרויסע שטעדט, זי האָט אין איין גרויסען גראַד פֿערגרעסערט די צאָהל שטעדטישע איינוואוינער אויף דעם רעכענונג פֿון די דאָרפֿישע בעפֿעלקערונג און האָט דאַדורך אַרויס געריסען פֿיעלע מענשען פֿון די דאָרפֿישע לעבענס בעדינגונגען, וואָס פֿערטעמפּען דעם מענשען. אַזוי ווי זי האָט געמאַכט דעם דאָרף

אָבהייניגונג פֿון די שטאָדט, אַזוי האָט זי אויך פֿערבונדען די באַר-
באַרישע און האַלב באַרבאַרישע לענדער מיט די ציוויליזירטע, די
ערדאַרבייטערישע פֿעלקער מיט די בורזשואַזיע, די מזרח-לענדער מיט
דעם מערב.

די בורזשואַזיע פֿערניכטעט אַלץ מעהר די צוברעקלונג פֿון דעם
אייגענטהום און פֿון דער בעפֿעלקערונג. זי האָט צוזאַמענגעלייט
בעזונדערע טיילען פֿון דער בעפֿעלקערונג, האָט צענטראַליזירט די
פּראָדוקציאָנס מיטלען און האָט צוזאַמענגעקליבען גאָר די אייגענטהום
אין איינציגע הענד. דאָס האָט נויטווענדיג געמוזט שאַפֿען איין פּאָ-
ליטישע צענטראַליזאַציאָן. אונ-אָבהענגיגע, קוים צוזאַמענגעבונדענע
צווישען זיך פּראָווינצען מיט פֿערשיידענע אינטערעסען, געזעצען,
רעגירונגען און אָבצאָלונגס טאַריפֿען זיינען געוואָרען איינגעשטופּט
אין די גרענעצען פֿון איין נאַציאָן מיט איין רעגירונג, איין געזעץ,
איין נאַציאָנאַלען קלאַססען-אינטערעס, מיט איין טאַמאָזשענע ליניע.

אין דער צייט פֿון איהר הונדערטיאָהריגע עקזיסטענץ אַלס
אַ קלאַס, האָט די בורזשואַזיע בעשאַפֿען מעהרערע און גרעסערע
פּראָדוקציאָנס קרעפֿטען, ווי די פֿריהערדיגע דורות אַלע צוזאַמען.
דער נצחון איבער די נאַטור קרעפֿטען, די איינפֿיהרונג פֿון מאַשינען,
די אָנווענדונג פֿון כעמיע אין די אינדוסטריע און ערדאַרבייט, דער
פֿערקעהר אויף פּאַראָחאָדען און אייזענבאַנען, דער טעלעגראַף, די
עקספּלואַטאַציאָן פֿון די רייכטהימער פֿון גאַנצע וועלטטיילען, גאַנצע
פֿעלקער, וואָס זיינען אויסגעוואַקסען אַזוי ווי צוליעב איין צויבער-
שטעקען, אין וועלכען יאָהרהונדערט פֿריהער האָט מען געקענט
רעכענען, אַז אין די געזעלשאַפֿטליכע אַרבייט שלימערען אַזוי פֿיל
פּראָדוקטיווע קרעפֿטען? אויף אַזאַ אופֿן האָבען מיר געזעהען, אַז
די פּראָדוקציאָנס-און פֿערקעהרס מיטלען, וואָס זיינען דער גרונד פֿון
וואוקס פֿון דער בורזשואַזיע, האָבען זיך נאָך בעשאַפֿען אין דער
פֿעאָדאַלער געזעלשאַפֿט. אויף אַ געוויסע שטופֿע פֿון ענטוויקלונג
פֿון די פּראָדוקציאָנס קרעפֿטען, האָבען די פֿערשטאַרקטע פּראָדוק-
טיווע קרעפֿטען שוין מעהר ניט האַרמאָנירט מיט די בעדינגונגען,
אין וועלכע עס פֿלעגט פֿאָרקומען דער פּראָצעס פֿון אויסאַרבייטונג,
און אויסבייטונג אין דער פֿעאָדאַלער געזעלשאַפֿט; זיי האָבען ניט
האַרמאָנירט מיט דעם אופֿן, ווי עס איז געווען איינגעאָרדענט די
ערד אַרבייט און די מאַנופֿאַקטור אין דעם פֿעאָדאַלען אָרדנונג, קורץ,
מיט אַלע פֿעאָדאַלע בעציהונגען פֿון אייגענטהום און פֿערמעגען. זיי
האָבען פֿערהאַלטען די פּראָדוקציאָן. אַנשטאָט איהם צו לאָזען זיך

פֿריי ענטוויקלען זיינען זיי געוואָרען זיינע קייטען, וואָס האָבען איהם געדריקט. מען האָט זיי געמוזט צוברעכען, און מען האָט זיי צובראָכען.

זייער אָרט האָט פֿערנומען די פֿרייע קאָנקורענץ מיט אַ פּאַסיגען געזעלשאַפֿטליכען און פּאָליטישען אָרדענונג, מיט די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע הערשונג פֿון דער בורזשואַזיע.

אָט דער פּראָצעס קומט פֿאָר אויף אונזערע אויגען. די היינטיגע בורזשואַזע געזעלשאַפֿט מיט די בורזשואַזע פֿאָרמען פֿון הערשאַפֿט, און פֿון צווישען-פֿעלקערליכע בעציהונגען, וואָס עקזיסטירט אין איהר, מיט איהרע בורזשואַזע בעציהונגען פֿון אייגענטהום, די געזעלשאַפֿט, וואָס האָט אַרויסגערופֿען אַזוי ווי מיט כשוף אַזוינע גראַנדיאָזנע מיטלען פֿון פּראָדוקציאָן און פֿערקעהר, זי איז יעצט ענליך צו אַ כשוף-מאַכער, וואָס קען ניט מעהר איינהאַלטען די טייוועלשע כחות, וואָס ער אַליין האָט אַרויסגערופֿען. די געשיכטע פֿון אינדוסטריע און האַנדעל די לעצטע צענדליגער יאָהרען איז נאָר איין געשיכטע פֿון איין בונט פֿון היינטיגע תנאים פֿון פּראָדוקציאָן געגען די בעציהונגען פֿון אייגענטהום, וואָס זיינען נויטיג פֿיר דעם לעבען פֿון דער בורזשואַזיע און פֿאַר איהר עקזיסטענץ. עס איז גענוג אָנצוּווייזען אויף די האַנדעלס קריזען, וואָס קומען שוין פֿאַר רעגעלמעסיג פּעריאָדיש, און שטעלען אַרויס אַלץ גרויזאַמער די פֿראַגע וועגען די עקזיסטענץ פֿון דער גאַנצער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט. די האַנדעלס קריזען, פֿערניכטען יעדער מאָל ניט נאָר איין גרויסע טייל פֿון די פֿאַרטיגע אויסגעאַרבייטע סחורות, נור אויך פֿון די פּראָדוקטיווע קרעפֿטען, וואָס די געזעלשאַפֿט האָט שוין געשאַפֿען. די קריזיסען זיינען אַמין געזעלשאַפֿטליכע עפּידעמיע, וועלכע וואָלטען אין די פֿריהערדיגע עפּאָכען אויסגעוויזען פֿיר אַ אונגעלומפּערטע זאַך—איין עפּידעמיע צוליעב איבער פּראָדוקציאָן, מעהר וויפֿיל מען דאַרף, צוליעב איבעריגע סחורה. די געזעלשאַפֿט קעהרט זיך אום אויף איין קורצע צייט צו דעם באַרבאַרישען צושטאַנד; אַזוי ווי איין הונגער אָדער איין אַלגעמיינער ביטערער קריעג וואָלטען ביי איהם צוגענומען אַלע מיטלען צום עקזיסטענץ; די אינדוסטריע און דער האַנדעל ווערען פֿערניכטעט. פֿאַר וואָס זשע איז דאָס? דער פֿאַר, ווייל די געזעלשאַפֿטליכע ציוויליזאַציאָן האָט דערגרייכט איין צו הויכע שטופֿע, ווייל אין דער געזעלשאַפֿט האָט זיך צונויפֿגעקליבען צו פֿיעל עקזיסטענץ מיטלען, ווייל די אינדוסטריע און דער האַנדעל האָבען זיך צו שטאַרק ענטוויקעלט. די פּראָדוקציאָנס קרעפֿטען, וואָס געפֿינען זיך אין דעם רשות פֿון דער בורזשואַזיע קענען שוין מעהר ניט העלפֿען

וויקעלטען די איינגענומענע בעציהונגען; פֿערקעהרט, דיזע קרעפֿטען זיינען געוואָרען צו מעכטיג פֿיר די בעציהונגען, זייערע ענטוויקלונג ווערט געשטערט דורך די בורזשואזע בעציהונגען. די פּראָדוקטיווע קרעפֿטען, היילענדיג בעזייטיגען די שטערונגען, טראָגען אַריין אַן אונאָרדנונג אין די גאַנצע בורזשואזע געזעלשאַפֿט, זיי ווערען געפֿעהרליך פֿיר די עקזיסטענץ פֿון בורזשואזע איינענטהום. די בעציהונגען אין דעם בורזשואזען אָרדנונג זיינען געוואָרען צו איינג און קענען ניט אריינעמען אין זיך די רייכטהימער, וואָס זיי האָבען בעשאַפֿען...

איך ווערלכען אופֿן קומט די בורזשואזיע ביי די קריזען? פֿון איין זייט דורכדעם, וואָס זי איז געצוואונגען צו פֿערניכטען איין מאַססע פּראָדוקטיווע קרעפֿטען, פֿון אַנדערען זייט דורך די ערשבערונג פֿון נייע מערק און איין האַפּטזעכליכערע עקספּלואַטאַציאָן פֿון די פֿריהערדיגע. מיט אַזאַ פֿיהרונג גרייט זי פֿיר זיך נייע גרעסערע קריזען און פֿערקלענערט די מיטלען, וואָס קענען דיענען זיך צו פֿערהיטען פֿון זיי. דאָס געוועהר, מיט וועלכען די בורזשואזיע האָט געמאַכט צו אַש דעם פֿעאָדאַליזמוס, ווערט געווענדעט יעצט געגען איהר אַליין. אָבער די בורזשואזיע האָט ניט נור אַליין אויסגעשמידט דאָס געוועהר, וועלכע וועט איהר פֿערניכטען צום טויט. זי האָט אויך געבאָרען די מענשען, וועלכע וועלען ווענדען געגען איהר דאָס געוועהר — די אַרבייטער פֿון אונזער צייט, די פּראָלעטאַריער. אין די זעלבע מאָס, ווי עס ענטוויקעלט זיך די בורזשואזיע, ד. ה. דער קאַפּיטאַל, ענטוויקעלט זיך אויך דער פּראָלעטאַריאַט, דער קלאַס פֿון היינטיגע אַרבייטער, וועלכע עקזיסטירען נור אַזוי לאַנג, ווי זייער אַרבייט פֿערגרעסערט דעם קאַפּיטאַל. דיזע אַרבייטער, וואָס זיינען געצווינגען זיך פֿערקויפֿען פֿון שטיק, זיינען אַ סחורה, אַזוי ווי יעדער אַנדערער האַנדעלסזאַך, און דעריבער הייננגען זיי אָפּ אַזוי ווי די לעצטע פֿון יעדער צופֿעליגקייט אין דער קאָנקורענץ, פֿון יעדער טרייסעל, וואָס קומט פֿאָר אויף דעם מאַרק.

די אַרבייט פֿון די פּראָלעטאַריער אַדאַנק די פֿערבייטונג פֿון די מאַשינען און די צוטיילונג פֿון דער אַרבייט, האָט פֿערלאָרען יעדען זעלבסטשטענדיגען כאַראַקטער און זי ענטהאַלט אין זיך ניט קיין זאַך, וואָס זאָל צוציהען דעם אַרבייטער. ער איז געוואָרען אַ טייל פֿון מאַשין, און פֿון איהם פֿאָדערט זיך מעהר ניט ווי איינפֿאַכע פּראָסטע בעוועגונגען, וועלכע מען קען זיך גרינג אויסלערנען. דעריבער דאַרף דער אונטערנעהמער אויסגעבען אויף זיינע אַרבייטער נור דאָס, וואָס עס קאָסטען די לעבענסמיטלען, וואָס ער דאַרף

האָבען אום אויף צו האַלטען זיין לעבען און צו לאָזען נאָך זיך קינדער. נור יעדער סחורה, און דעריבער אויך פֿון דער אַרבייט, קאָסט אַזוי פֿיעל, וויפֿיעל עס קאָסטען די הוצאות, וועלכֿען מען דאַרף האָבען צו שאַפֿען די סחורה. דעריבער הויבט זיך די אַרבייטס לוין אויף אַזוי פֿיעל, אויף וויפֿיעל עס וואַקסען די אונאַנגענעהמקייט פֿון דער אַרבייט. נאָך מעהר, די אַרבייט ביי דעם אַרבייטער פֿערגרעסערט זיך אויף אַזוי פֿיעל, אויף וויפֿיל עס ווערט גרעסער די געברויך פֿון די מאַשינען אין דער פּראָדוקציאָן און די צוטיילונג פֿון דער אַרבייט; דאָס דריקט זיך אויס אָדער אין די פֿערלייננערונג פֿון אַרבייטסטאָג, אָדער אין די גרעסערע אָנשטרייננגונג ביי דער אַרבייט, אָדער אין די פֿערגיכֿונג פֿון די בעוועגונגען פֿון די מאַשינען א. ז. וו. די היינטיגע אינדוסטריע האָט געמאַכֿט פֿון די קליינע ווערקשטאַט, פֿון דעם אַמאָליגען בעל-מלאכה אַיין גרויסע פֿאַבריק, פֿון אַיין אונטערנעהמער דעם קאַפּיטאַליסט. די אַרבייטער מאַססען, וואָס ווינען צונויפֿגעקוועטשט צוזאַמען אויף די פֿאַבריקען, ווערען אָרגאַניזירט ווי סאָלדאַטען. ווי פּראָסטע סאָלדאַטען אין דער אינדוסטריעלער אַרמיי, געפֿינען זיי זיך אונטער די קאָמאַנדע פֿון אַיין רעגעלמעסיג אָרגאַניזירטע קייט פֿון אונטעראָפֿיצירען, זיי זיינען קנעכֿט ניט נור ביי דער גאַנצער בורזשואַזיע, ביי דעם גאַנצער בורזשואַזער מלוכה; ניין, זיי געפֿינען זיך אַלע טאָג, אַלע ווײַלע אין די פֿערקנעכֿטונג ביי די מאַשין, ביי דעם אויפֿזעהער און פֿריהער פֿון אַלץ, פֿערשטייט זיך, ביי יעדען בורזשוא—פֿאַבריקאַנט בעזונדער. וואָס דער דעספּאָטיזמוס ווערט קליינליכֿער, וואָס אָפֿענער ער ערקלערט דאָס אָנלעבען פֿון געלד, אַלס זיין ענד ציעל, אַלץ מעהר האַס און פֿערעסענקייט רופֿט ער צו זיך אַרויס. וואָס ווייניגער געשיקטקייט און פֿהיזישען כח פֿאָדערט די האַנדאַרבייט ד. ה. וואָס מעהר עס ענטוויקעלט זיך די היינטיגע פּראָדוקציאָן, אַלץ מעהר ווערט די מאַנסבילשע אַרבייט אָרויסגעשטופּט פֿון פֿרויען-אַרבייט. דער אונטערשיעד אין מין און עלטער האָבען יעצט פֿערלאָרען אין דער בעציהונג צום אַרבייטער קלאַס יעדער געזעלשאַפֿטליכֿע בעדייטונג. יעצט עקזיסטירען נור אַרבייטער אַלס געצייג, וועלכֿע נאָך זייער מין און עלטער, פֿאָדערען אַבּיסעל מעהר אָדער ווייניגער הוצאות.

אַז דער פֿאַבריקאַנט קוועטשט אַרויס פֿון דעם אַרבייטער אַלץ, וואָס עס איז מעגליך, און דער לעצטער בעקומט אַם ענדע זיין אַרבייטס לוין; דאַן ערסט וואַרפֿען זיך אויף איהם אַרויף אַנדערע טיילען פֿון דער בורזשואַזיע: דער בעל-הבית פֿון דירה, דער קרעמער דער מלוה א. ז. וו.

די קליינע אונטערנעהמער, די סוחרים און מלוים, האַנדווער-קער אונד פּויערים, די אַלע קלאַסען, וואָס זיינען ביז יעצט געווען די נידעריגע שיכטען פון דעם מיטעלקלאַס, ווערען פּראָלעטאַריער, טיילווייס צוליעב דעם, וואָס זייער קליינינקען קאַפּיטאַל איז ניט גענוג אויף צו פיהרען די פּראָדוקציאָן אין איין גרויסע פאָרם, און ער קען ניט אויס האַלטען די קאָנקורענץ מיט דעם גרויסען קאַפּי-טאַל, טיילווייס אויך דער פאַר, וואָס צוליב די נייע אופנים פון אויסאַרבייטונג האָבען זייער אייגענע קענטשאַפט און געניטקייט אין גאַנצען פערלאָרען זייער ווערטה. אָט אַזוי ווערען פערפולט די רייהען פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע קלאַסען פון דער בעפעלקערונג.

דער פּראָלעטאַריאַט גייט דורך פערשיעדענע שטופען פון ענטוויקלונג. ער הויבט אָן איין קאַמפּף מיט דער בורזשואַזיע שוין פון דעם מאָמענט אָן ווי ער הויבט אָן צו עקזיסטירען. צו ערשט קעמפּפען די אַרביימער איינציגווייס, נאָכהער פיהרען דעם קאַמפּף די אַרבייטער פון איין גאַנצען פאַבריק, און ענדליך פעראייניגען זיך די אַרבייטער פון דעם גאַנצען פּראָדוקציאָנס צווייג אין יענעם אָרט צום קאַמפּף געגען איינצעלנען בורזשוא, וואָס עקספּלואַטירט זיי אונ-מיטעלבאַר. זיי לאָזען אַראָפּ זייערע פויסטען ניט אויף די בורזשואַזע בעדינגונגען פון דער פּראָדוקציאָן, נור אויך אויף די געצייג פון דער פּראָדוקציאָן גופא, זיי צוברעכען די מאַשינען, פערניכטען אַלע געבראַכטע סחורות, וואָס קאָנקורירען אויף דעם מאַרק מיט די אָר-טיגע סחורה, זיי צינדען אונטער די פאַבריקען, זיי סטאַרעווען זיך אומצוקעהרען די פריהערדיגע לאַגע, וועלכע זיי האָבען פערנומען אין מיטעלאַלטער.

אויף דיזער שטופע שטעלען די אַרביימער מיט זיך פאָר איין מאַססע, וואָס איז צושפּרייט איבער דעם גאַנצען לאַנד, און וואָס איז צושיידט צוליב די קאָנקורענץ. די מאַססענווייזע טהאַטען פון אַלע אַרבייטער צוזאַמען קומען פאָר ניט דערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך זעלבסטשטענדיג פעראייניגט, נור דאָס רופט זיך אַרויס דורך די פעראייניגטע פּאָליטיק פון דער בורזשואַזיע, וועלכע מוז אויפהויבען דעם גאַנצען פּראָלעטאַריאַט כדי צו דערגרייכען איהרע אייגענע פּאָליטישע ציעלען.

זי קען דאָס נאָך דערווייל טאָהן. אויף דער שטופע, הייסט דאָס, קעמפּפען די פּראָלעטאַריער ניט מיט זייערע אייגענע שונאים, נור מיט די שונאים פון זייערע שונאים; מיט די רעשטעס פון דער

אבסאלוטער מאנארכיע, מיט די ערדבעזיצער, מיט די ניט אינדוסטריעלע בורזשואזיע, מיט די בעל הבתים.

אט אזוי איז די גאנצע היסטארישע בעוועגונג פעראייניגט דערווייל אין די הענד פון דער בורזשואזיע; יעדער נצחון, וואס ווערט ערהאלטען אויף אזא אופן, איז א נצחון פון דער בורזשואזיע.

נור מיט דער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע פערגרעסערט זיך דער פראלעטאריאט ניט נור אין צאהל; עס פערגרעסערט זיך אויך די קראפט פון דעם פראלעטאריאט, וואס איז פעראייניגט שטייף אין גרויסע מאססען, און ער הויבט אן צו פערשטיין זיין קראפט.

די מאשינען-פראדוקציאן מאכט אלץ קלענער דעם חילוק צווישען פערשיידענע פארמען פון פאבריק-ארבייט און ברייגנט כמעט אומעטום די ארבייטס-לוין צו איין גלייכען נידעריגען צושטאנד; דאס בריינגט פון איהר זייט צו א גרעסערע אויסגלייכונג פון די אינטערעסען און די תנאים פון עקזיסטענץ ביי דעם ארבייטער. די וואקסענדע קאנקורענץ ביי די מיטגלידער פון די בורזשואזיע גופא און די האנדעלם קריזען, וואס קומען ארויס דערפון, פערגרעסערען די אונזיכערהייט פון דעם ארבייטערס געהאלט, די אונאויפהערליכע פערבעסערונג פון די מאשינען, וואס גייט וואס ווייטער אלץ גיכער, מאכט די לאגע פון דעם ארבייטער אלץ וויינגער גאראנטירט; די צוזאמענשטויסונגען פון דעם איינצעלנעם ארבייטער מיט דעם איינצעלנעם בורזשוא נעמט אן איין כאראקטער פון איין צוזאמענשטויסונג צווישען צוויי געזעלשאפטליכע קלאסען, די ארבייטער הויבען אן צו בילדען פעראיינען געגען די בורזשואזיע; זיי פעראייניגען זיך כדי צו בעשיצען זייער ארבייטס-לוין, זיי ריכטען איין אפילו שטענדיגע אססאציאציאנען, כדי צו בילדען איין פאנד אין דעם פאל, ווען זיי וועט אויסקומען צו שטעלען זיך געגען זייערע עקספלואטאטארען. ערטערווייס גייט איבער דער קאמפף אין איין אפענעם ווידערשטאנד זאגאר.

פון צייט צו צייט ערהאלטען די ארבייטער איין נצחון, נור ניט אויף לאנג. די רעזולטאטען פון דעם קאמפף בעשטייען אייגענטליך ניט אין די אונמיטעלבארע נוצען, נור איבערהויפט אין די פעראייניגונג פון די ארבייטער, וואס פערבאפט אלץ גרעסערע קרייזען. דאס ווערט פערגרינגערט אפילו דורך די מיטלען פון פערקעהר, וואס די גרויסע אינדוסטריע האט בעשאפען, און וואס גיבען די מעגליכקייט די ארבייטער פון אלע ערטער אריינגיין אין בעריהרונג איינע מיט די אנדערע. און מעהר ווי דאס דארף מען ניט, אז דער

אַרטיגער קאַמפּף, וואָס טראָגט אומעטום דעם זעלבען כאַראַקטער זאָל ווערען איין נאַציאָנאַלער קלאַססען-קאַמפּף. אָבער יעדער קלאַססען קאַמפּף איז איין פּאָליטישער קאַמפּף. און די פֿעראייניגונג, וואָס האָט געדאַרפט ביי די מיטעלאַלטערישע בירגער מיט זייערע שמאָלינקע קרומע וועגעלעך דויערען הונדערטער יאָהרען, ווערט ביי די היינטיגע פּראָלעטאַריער מיט דעם הילף פֿון די אייזענבאַהנען אין עטליכע יאָהר.

דיזע אָרגאַניזירונג פֿון די פּראָלעטאַריער אין איין קלאַס, און צוזאַמען מיט דעם אין איין פּאָליטישע פּאַרטיי, ווערט אָפט ווייטער צופֿאַלען אונטער די ווירקונג פֿון דער קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער גופא. נור זי לעבט ווייטער אויף נאָך שטאַרקער, נאָך מעכטיגער, ווי פֿריהער. אויסנוצענדיג די ספּאַרקעס פֿון די בורזשואַ צווישען זיך, דערשלאָגען זי זיך, אַז איינינע אינטערעסען פֿון דעם אַרבייטער ווערען אָנגענומען דורך דעם געזעץ, ווי צום ביישפּ. דער ניינשעה'דיגער געזעץ אין ענגלאַנד. אין אַלגעמיין זיינען די צוזאַמענשטויסונגען צווישען בעזונדערע טיילען פֿון דער אַלטער געזעלשאַפט זייער גינסטיג פֿיר דעם ענטוויקלונגס-פּראָצעס פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט.

די בורזשואַזיע געפֿינט זיך די גאַנצע צייט אין איין קריעגס-צושטאַנד: צום אָנפֿאַנג פֿיהרט זי איין קאַמפּף מיט דער אַריסטאָקראַטיע, נאָכהער מיט דער טייל פֿון דער בורזשואַזיע גופא, פֿיר וועלכע עס לויענט ניט די ענטוויקלונג פֿון גרויס-פּראָדוקציאָן; חוץ דעם, פֿיהרט זי נאָך איין אונאויפֿהערליכען קאַמפּף מיט די בורזשואַזע קלאַססען פֿון אַלע אויסלענדישע פֿעלקער. יעדען מאָל איז זי געצוואונגען זיך ווענדען צו דעם פּראָלעטאַריאַט, בעטען ביי איהם הילף, און דורך דעם אַריינציהען איהם אין דעם שטראָם פֿון דער פּאָליטישער בעוועגונג. זי פֿלאַנצט אַליין איין אויף אַזאַ אופֿן ביי דעם פּראָלעטאַריאַט די גרינדע פֿון איהר אייגענער פּאָליטישער ענטוויקלונג, ד. ה. זי גיט איהם אין האַנד איין געוועהר געגען זיך אַליין.

חוץ דעם, ווי מיר האָבען געזעהן, צוזאַמען מיט די ענטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע ווערען פּראָלעטאַריזירט, אָדער אַמווייניגסטענס שטעהען אין געפֿאַהר צו פֿערלירען די קוואַלען פֿון זייערע הכנסות גאַנצע גרופּען פֿון דעם הערשענדען קלאַס. זיי האָבען אויך פֿיר דעם פּראָלעטאַריאַט איין גרויסע ערציהענדע ווירקונג. אַם ענדע, צו יענער צייט, ווען דער קלאַססענקאַמפּף איז שוין נאָהענט צו זיין סוף, ווערט דער פּראָצעס פֿון צופֿוילונג פֿון דעם הערשענדען קלאַס

אזוי שטרעמיג, ער ווארפט זיך אזוי שטארק אין די אויגען, אז איין געוויסע טייל פון דעם רעגירענדען קלאס ענטזאגט זיך פון איהם, און שטייט צו צו דעם רעוואלוציאנערען קלאס, וועלכען עס געהערט דער צוקונפט. אזוי ווי פריהער איז א טייל פון דער פאמיליענארים-טאקראטיע, צוליעב די זעלבע סבה, אריבערגעגאנגען צו דער בורזשואזיע, אזוי גייט יעצט איבער צו דעם פראלעטאריאט איין טייל בורזשואזיע און נעמליך די טייל בורזשוא-דיינקער, וועלכע האט זיך דערהויבען ביז דעם טעארעטישען פערשטאנד פון דעם גאנצען גאנג פון דער היסטארישער בעוועגונג.

פון אלע קלאסען, וואס שטעהען יעצט געגען דער בורזשואזיע איז נור דער פראלעטאריאט דער אמת-רעוואלוציאנערער קלאס. די אלע איבעריגע קלאסען ווערען אויסגעדארט און גייהען אונטער מיט די ענטוויקלונג פון גרויס פראדוקציאן, דעם פראלעטאריאט אבער האט זי געבארען און אויסגעהאדעוועט.

די גרופפען בעפעלקערונג, וואס געהערען צום מיטעל קלאס, די קליינע אונטערנעהמער, קליינע סוחרים, האנדווערקער, פויערים, אלע פיהרען זיי איין קאמפף מיט דער בורזשואזיע, ווערענדיג איינ-האלטען זייער עקזיסטענץ אלס אמיטעל קלאס. דעריבער זיינען זיי נים רעוואלוציאנער, נור קאנסערוואטיוו. נאך מעהר, זיי זיינען רע-אקציאנער, ווייל זיי שטרעבען צו דרייען אויף צוריק די ראד פון דער געשיכטע. פון זיי זיינען נור רעוואלוציאנער יענע, וועלכע זיינען דובגעדרונגען מיט דעם געדאנק, אז זיי קומט אויס אריבער צוגיין אין די רייהען פון דעם פראלעטאריאט, און דאן פערטהיידיגען זיי נים די אינטערעסען פון זייער געגענווארט, נור פון זייער עתיד, זיי פערלאזען זייער אייגענעם שטאנדפונקט, זיי שטעלען זיך אויף דעם שטאנדפונקט פון דעם פראלעטאריאט.

דער לומפענפראלעטאריאט, דיזער פראלעטאריאט, וואס בעקומט זיך פון די צופאלונג פון די פסולת פון דער אלטער געזעלשאפט, ווערט ערטערווייס אריינגעצויגען אין די פראלעטארישע רעוואלוציאנערע בעוועגונג; אבער די גאנצע אטמאספערע, אין וועלכע זיי לעבען, איז פיעל גינסטיגער אויף צו פערקויפען זיך אויף פערשיידענע רע-אקציאנערע אינטריגעס.

די לעבענסבעדינגונגען פון דעם פראלעטאריאט האבען פער-ניכטעט די לעבענס בעדינגונגען פון דער אלטער געזעלשאפט. דער פראלעטאריאט האט קיין אייגענטהום, זיינע בעציהונגען צו זיין פא-מיליע און צו זיינע קינדער איז איין אנדער ווי דער בורזשואזער

פֿאַמיליען לעבען. די יעצטיגע אינדוסטריעלע אַרבייט, דער יאָך פֿון היינטיגען קאַפּיטאַליזמוס, וואָס איז גלייך אומעטום ווי אין ענגלאַנד, אַזוי אין פֿראַנקרייך, אַזוי אין אַמעריקאַ, האָט אַראָפּגעריבען פֿון איהם יעדען נאַציאָנאַלען כאַראַקטער. געזעצען, זיטליכקייט, רעליגיאָן, זיינען פֿיר איהם מעהר ניט אַיין רייהע בורזשואַזע אַלטע בעגריפֿען, הינטער וועלכע עס בעהאַלט זיך אַיין רייהע בורזשואַזע אינטערעסען.

אַלע קלאַססען, וואָס האָבען ביז יעצט דערגרייכט די הערשונג, פֿלעגען זעהן פֿערזיכערען פֿיר זיך די געזעלשאַפֿטליכע לאַגע, וועלכע זיי האָבען פֿערנומען. זיי האָבען גענויטיגט די גאַנצע געזעלשאַפֿט אָנצונעהמען די תנאים, וועלכע זיינען געווען גינסטיג דערויף, אַז זיי אַליין זאָלען קענען וואָס מעהר אָנלעבען. די פּראָלעטאַריער אָבער וועלען בעקומען די מעגליכקייט אַריינצונעהמען די געזעלשאַפֿטליכע פּראָדוקציאָנס קרעפֿטען נור דאַן, ווען זיי וועלען בעזייטיגען זייערע אייגענע אופנים, ווי אַנצולעבען פֿערמעגען, ווי בכלל די אַלע מיטלען צו דערצו וואָס האָבען עקזיסטירט ביז יעצט.

די פּראָלעטאַריער האָבען ניט וואָס צו פֿערשטאַרקען, פֿער-קעהרט זיי דאַרפֿען צושטערען אַלע פֿאָרמען, אין וועלכע עס ווערט אָנגעקליבען פּריוואַט-אייגענטהום, און אַלע בעדינגונגען, וואָס פֿער-זיכערען, אַז די אייגענטהום זאָל קענען איינגעהאַלטען ווערען.

אַלע געזעלשאַפֿטליכע בעוועגונגען זיינען ביז יעצט געווען בעוועגונגען אין די אינטערעסען פֿון דעם מיעוט, אָדער זיינען ענט-שטאַנען אין די אינטערעסען פֿון דער מינדערהייט. נור די פּראָלעטאַרישע בעוועגונג איז אַיין זעלבסטשטענדיגע בעוועגונג פֿון אַיין דרינגענדע מעהרהייט, און איז אין די אינטערעסען פֿון דעם גרעסטען טייל פֿון דער מענשהייט.

ווען ניט נאָך דעם אינהאַלט, איז אָבער נאָך זיינע פֿאָרמען טראָגט צום אָנפֿאַנג דער קאַמפּף פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט געגען דער בורזשואַזיע אַיין נאַציאָנאַלען כאַראַקטער. דער פּראָלעטאַריאַט פֿון יעדער לאַנד דאַרף, פֿערשטייט זיך, פֿריהער פֿון אַלץ צורעכט ווערען מיט זיין אייגענע בורזשואַזיע.

אָנווייזענדיג די וויכטיגסטע ענטוויקלונגס שטופֿען פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט האָבען מיר נאָכגעזעהען אַיין מעהר אָדער ווייניגער בעהאַלטענע בירגערקריעג אין דער יעצטיגער געזעלשאַפֿט. מיר האָבען דאָס נאָכגעקוקט ביז דעם פּונקט, ווען דער קריעג פֿלאַקערט זיך פֿאַנאַנדער אין אַיין אָפֿענע רעוואָלוציאָן, און דער פּראָלעטאַריאַט

ליגט די גרונדשטיינער פֿון זיין הערשונג, אַראָפּוואַרפֿענדיג מיט געוואַלט די בורזשואַזיע.

ווי מיר האָבען געזעהן איז יעדער געזעלשאַפֿט, וואָס האָט עקזיסטירט ביז יעצט, געווען געגרינדעט אויף די ווידערשפּרוכֿען צווישען די אונטערדריקטע און דריקענדע קלאַסען. נור כדי צו האָבען די מעגליכֿקייט צו דריקען אַן וועלכען עס איז קלאַס, דאַרפֿען די דריקער פֿערזאָרגען אַזוינע בעדינגונגען, ביי וועלכֿע דער אונטערדריקטער קלאַס זאָל קענען דערהאַלטען האָץ זיין קיום, אַלס איין שקלאַף. דער האַלבפֿערקנעכטעטער פּויער אין פּאַנשציזנע האָט זיך דערשלאָגען צו ווערען איין מיטגליעד פֿון איין דאָרפֿס-קהלה, די עלבע זאַך איז פֿון דעם בירגער אונטער דעם דרוק פֿון דער פֿעאַדאַלער זעלבסטהערשונג אויסגעוואַקסען אַ בורזשואַ. פֿערקעהרט, דער היינטיגער פּראָלעטאַריער אָנשטאָט צו פֿערבעסערען זיין לאַגע צוזאַמען מיט דעם פּראָגרעס פֿון דער אינדוסטריע, לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ נידעריגער אונטער דעם סכום לעבענסמיטלען, וועלכע גאַראַנטירען די עקזיסטענץ פֿון זיין קלאַס. דער אַרבייטער ווערט איין שלעפּער; די שלעפּעריי ענטוויקעלט זיך שנעלער, ווי די בעפֿעלקערונג און די רייכטהום. דאָס ווייזט קלאָר אַרויס, אַז די בורזשואַזיע איז מעהר ניט פֿייהיג צו בלייבען דער הערשענדער קלאַס און צו נוטען די גאַנצע געזעלשאַפֿט צו ערקענען אַלס אַ איבערגעזעץ די בעדינגונגען, וועלכֿע זי דאַרף האָבען פֿיר איהר קיום. זי איז ניט פֿייהיג צו רעגירען דערפֿאַר, ווייל זי קען ניט פֿערזיכערען איהרע קנעכֿט די מעגליכקייט צו עקזיסטירען אין איין קנעכטישע לאַגע, ווייל זי מוז זיי ברייגען צו אַזוינע לעבענסבעדינגונגען, ביי וועלכֿע זי מוז זיי ערנעהרען, אָנשטאָט דעם, זיי זאָלען איהר ערנעהרען. אויב די בורזשואַזיע וועט בלייבען הערשען, קען די געזעלשאַפֿט מעהר ניט עקזיסטירען, און דאָס הייסט אַז די געזעלשאַפֿט קען ניט עקזיסטירען צוזאַמען מיט די עקזיסטענץ פֿון דער בורזשואַזיע.

די הויפּט בעדינגונג פֿיר די עקזיסטענץ און הערשונג פֿון די בורזשואַזיע איז דאָס צוזאַמענקלייבען פֿון פֿיעלע רייכטהימער אין פּריוואַטע הענד, די אויסבילדונג און די פֿערמעהרונג פֿון קאַפּיטאַלען; דער קאַפּיטאַל קען עקזיסטירען נור מיט דעם תנאי, אז עס וועלען עקזיסטירען געדונגענע אַרבייטער.

לוין-אַרבייט גרינדעט זיך דורכאויס אויף די קאָנקורענץ פֿון די אַרבייטער צווישען זיך. דער פּראָגרעס פֿון דער אינדוסטריע, וואָס די בורזשואַזיע איז זיין ניטווילענדיגער און געהאָרכזאַמער

טרעגער, רוקט אַרויס אָנשטאָט די בעזונדערטקייט פֿון די אַרבייטער, וואָס קומט אַרויס צוליב די קאָנקורענץ, זייער רעוואָלוציאָנערע פֿער- איינינגונג דורך פֿעראייניגען און פֿערבאַנדען. דאָס ווייזט אַז מיט די ענטוויקלונג פֿון גרויסע אינדוסטריע גייט אונטער אונטער די פֿים פֿון די בורזשואַזיע דער באָדען, אויף וועלכען עס איז געבויט איהר פּראָדוקציאָן און די מעגליכקייט צו צונעמען פֿיר זיך די פּראָדוקטען. זי שאַפֿט פֿיר זיך פֿריהער פֿון אַלץ איהרע אייגענע קבֿרנים. איהר אונטערגאַנג און דער נצחון פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט זיינען ביידע אויף איין גלייכען אופן אונפֿערמיידליך.

II.

# די פּראָלעטאַריער און די קאָממוניסטען.

אין וועלכע בעציהונגען שטייען די קאָממוניסטען צו די פּראָ- לעטאַריער אין אַלגעמיין?

די קאָממוניסטען זיינען ניט קיין בעזונדערע פּאַרטיי אַנטקעגען אַנדערע אַרבייטער=פּאַרטייען.

זיי האָבען ניט קיינע אַנדערע אינטערעסען, ווי די אינטערעסען פֿון דעם גאַנצען פּראָלעטאַריאַט.

זיי שטעלען ניט אַרויס קיין בעזונדערע פּרינציפּען, צו וועלכע זיי וואָלטען וועלען צופּאַסען די פּראָלעטאַרישע בעוועגונג.

די קאָממוניסטען אונטערשיידען זיך פֿון אַנדערע פּאַרטייען נור מיט דעם, וואָס אין דעם קאַמפּף פֿון פּראָלעטאַריער פֿון פֿער- שיעדענע נאַציאָנען רוקען זיי אַרויס פֿאָראויס פֿון איין זייט און בעמיהען זיך, אַז עס זאָלען מנצח זיין די אַלגעמיינע אינטערעסען פֿון דעם גאַנצען פּראָלעטאַריאַט, צו וואָס פֿיר איין נאַציאָנאַליטעט ער זאָל ניט געהערען. פֿון דער צווייטער זייט אונטערשיידען זיי זיך מיט דעם, וואָס אויף די פֿערשיידענע ענטוויקלונגס פּונקטען, דורך וועלכע עס גייט דורך דער קאַמפּף צווישען פּראָלעטאַריאַט און בורזשואַזיע, טרעטען זיי אַלע מאָל אַרויס צו פֿערטיידיגען די אינטערעסען פֿון דער גאַנצער בעוועגונג בכלל.

בכן, זיינען די קאָממוניסטען די ענטשלאָסענסטע טייל פֿון די אַרבייטער פּאַרטייען פֿון אַלע לענדער, וואָס שטרעבט אַלץ ווייטער

און ווייטער; אין טעאָרעטישען הינזיכט האָבען זיי די מעלה פֿיר די איבעריגע מאַססען פֿון פּראָלעטאַריאַט, וואָס פֿיר זיי זיינען קלאָר די בעדינגונגען, דער ענטוויקלונגס-גאַנג און די אַלגעמיינע רעזולטאַטען פֿון דער אַרביימער בעוועגונג.

די נאָהענטסטע ציעל פֿון די קאָממוניסטען איז די זעלבע, וואָס ביי די איבעריגע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען: פֿעסט פֿעראייניגען דעם פּראָלעטאַריאַט אין איין קלאַס, אַראָפּ וואַרפֿען די בורזשואַזיע און אָראָבערען די פּאָליטישע מאַכֿט דורך דעם פּראָלעטאַריאַט.

די טעאָרעטישע גרונדלאַגען פֿון די קאָממוניסטען שטיצען זיך בשום אופֿן ניט אויף די אידעען און די פּרינציפּען, וואָס זיינען ענטדעקט אָדער ערפֿונדען פֿון וועלכֿען עס איז בעל-חלומות, וואָס וויל אַראָפּברייננען דעם גן-עדן אויף דער וועלט.

זיי זיינען מעהר ניט דער אויסדריק פֿון די ממש'דיגע בעציהונגען פֿון דעם קלאַססען-קאַמפּף, וואָס עקזיסטירט אין דער ווירקליכֿקייט, פֿון דער היסטאָרישער בעוועגונג, וואָס וויקעלט זיך פֿערנאַנדער פֿאַר אונזערע אויגען.

אַלע בעציהונגען פֿון אייגענטהום האָבען זיך היסטאָריש שטענדיג געביטען, האָבען געהאַט שטענדיגע איבערקעהרענישען אין דער געשיכֿטע.

צום ביישפּיל די פֿראַנצויזישע רעוואָלוציאָן האָט פֿערניכֿטעט די פֿעאָדאַלע אייגענטהום לטובֿת דער בורזשואַזיע. דער שטריך, מיט וועלכֿען דער קאָממוניזמוס אונטערשיידעט זיך, איז די פֿערניכֿטונג ניט פֿון אייגענטהום אין אַלגעמיין, נור פֿון בורזשואַזע אייגענטהום.

אָבער די היינטיגע בורזשואַזע פּריוואַטאייגענטהום איז די לעצטע און פֿאָלע אויסדריק פֿון אַזאַ אויסאַרבייטונג און צוטיילונג פֿון די פּראָדוקטען, וואָס זיינען געגרינדעט אויף קלאַסען-ווידערשפּרוכֿען, אויף עקספּלואַטאַציאָן פֿון איין מענשען דורך דעם אַנדערען.

אין דעם פֿאַל קענען די קאָממוניסטען קורץ אַרויס זאָגען זייער טעאָריע אין אַפּאָר ווערטער: די פֿערניכֿטונג פֿון פּריוואַטאייגענטהום.

אונז, קאָממוניסטען, האָט מען געמאַכֿט דעם פֿאָרוואורף, אַז מיר ווילען פֿערניכֿטען די אייגענטהום, וואָס איז פֿערהאָרעוועט מיט אייגענע פּראַצע, וועלכֿע איז דער פֿונדאַמענט פֿון יעדער פּערזענליכֿע פֿרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט.

פֿערהאָרעוועטע אייגענטהום, וואָס איז אָנגעלעבט פּערזענליך, דורך אייגענע מיהע! אויב איהר רעדט וועגען די קליינבור=

געראַכטע, קליינבירגערשע אייגנטום, וואָס האָט עקזיסטירט פאַר די בורזשואַזע, האָבען מיר שוין ניט וואָס צו פערניכטען; איהר האָט שוין פערניכטעט און פערניכטעט נאָך יעדען טאָג די ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע. אָדער אפשר רעדט איהר דאָס וועגען היינטיגע בורזשואַזע פּריוואַטאייגענטום, אָבער צו דען בעשאַפט די געדונגענע אַרבייט, די אַרבייט פון דעם פּראָלעטאַריער, אַ וועלכען עס איז אייגענטום? בשום אופן ניין! די אַרבייט בעשאַפט דעם קאַפּיטאַל, ד. ה. אַזאַ אייגענטום, וואָס עקספּלואַטירט די לוין-אַרבייט, וואָס קען זיך פערגרעסערען נור מיט דעם תנאי, ווען זי וועט בעשאַפען נייע געדונגענע אַרבייט, כדי פון דאָס ניי איהר צו עקספּלואַטירען. די אייגענטום אין איהר יעצטיגען אויסזעהן איז געגרינדעט אויף דעם ווידערשפּרוך צווישען קאַפּיטאַל און לוין-אַרבייט.— לאָמיר פערנאַנדער קוקען די ביידע זייטען פון ווידערשפּרוך.

זיין אַיין קאַפּיטאַליסט הייסט ניט נור האָבען אַיין ריין פּערזענליכע שייכות צו דער פּראָדוקציאָן, נור אויך אַיין געזעלשאַפטליכע.

דער קאַפּיטאַל שטעלט פאָר אַיין געזעלשאַפטליכע אַרבייט, און קען געברויכט ווערען נור דאַן, ווען עס אַרבייטען צוזאַמען פיעל מיטגלידער, מען קען אפילו זאָגען, אז סוף כל סוף, ווען עס אַרבייטען צוזאַמען אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט. בכן, איז דער קאַפּיטאַל ניט קיין פּערזענליכע, נור אַיין געזעלשאַפטליכע קראַפט. אַזוי זעהט מען, אויב דער קאַפּיטאַל וועט ווערען פערענדערט אין אַיין אַלגעמיינע אייגענטום, וואָס וועט געהערען אַלע חברים פון דער געזעלשאַפט, וועט נאָך די פּריוואַט אייגענטום ניט ווערען קיין געזעלשאַפטליכע. עס וועט זיך נור אומבייטען דער געזעלשאַפטליכער כאַראַקטער פון אייגענטום, ער וועט פערלירען זיינע קלאַססען-שטריכען. לאָמיר יעצט איבערגיין צו דעם לוין-אַרבייט.

די מיטעלסטע פּרייז פון דער לוין-אַרבייט, דאָס איז די קלענסטע אַרבייטס-לוין, ד. ה. זי איז גלייך דעם צאָהל פון לעבענס בעדינגונגען, וועלכע איז נויטיג אונטערצוהאַלטען דעם אַרבייטערס לעבען, אַלס אַיין אַרבייטער. אַלזאָ, איז דאָס, וואָס דער אַרבייטער בעקומט פאַר זיין אַרבייט, קלעקט נור אויף צו בעפרידיגען זיינע נויטיגסטע בעדערפענישען. מיר וועלען אויף קיין פאַל ניט פערניכטען די פּערזענליכע אייגענטום אויף דעם פּראָדוקט פון דער אַרבייט, וואָס דינט מעהר ניט אויף אונטערצוהאַלטען דעם לעבען, פון וועלכע עס בלייבט ניט קיין ריינע פערדינסט, וואָס זאָל געבען די

מאכט אויף פרעמדע ארבייט. מיר ווילען נור פערניכטען דעם ערני-דריגענדען כאראקטער פון דעם בעקומען אייגענטהום, צוליעב וועלכען דער ארבייטער לעבט נור אויף דערויף, כדי צו פערמעהרען דעם קאפיטאל, נור אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל דאס איז נייטיג פיר די אינטערעסען פון דעם הערשענדען קלאס. אין דער בורזשואזער געזעלשאפט דינט די ארבייט פון לעבעדיגען מענשען נור אויף צו פערמעהרען די אנגעקליבענע ארבייט, דעם קאפיטאל, אין דער קאממוניסטישער געזעלשאפט איז די צונויפגעזאמעלטע ארבייט נור א מיטעל צו מאכען דעם לעבען פון דעם ארבייטער וואס ברייטער, פולער און רייכער. אויף אזא אופן איז די פערגאנגענהייט אין דער בורזשואזער געזעלשאפט וויכטיגער ווי די געגענווארט, אין דער קאממוניסטישער איז די געגענווארט פערקעהרט, מעהר וויכטיג, ווי די פערגאנגענהייט, אין דער בורזשואזער געזעלשאפט איז דער קא-פיטאל זעלבסטשטענדיג און אינדיווידועלע אין דער צייט, ווען דער ארבייטענדער אייגענקימער איז ניט זעלבסטשטענדיג און קען ניט ארויסווייזען קיין אייגענעם געפיהל, קיין אייגענעם ווילען. און די פערניכטונג פון אזוינע בעציהונגען רופט אן די בורזשואזיע די פערניכטונג פון אינדיווידיאליטעט און פרייהייט! אלס פרייהייט מיינט מען ביי היינטיגע פראדוקציאנסבעציהונגען דעם פרייען האנ-דעל, די פרייהייט פון קויפען און פערקויפען. אבער מיט דער פערניכטונג פון האנדלעריי בכלל ווערט פערשוואונדען אויך די פרייע האנדלעריי. אלע רייד וועגען פרייע האנדלעריי, ווי אלע איבעריגע קנאקענדע פראזען פון אונזער בורזשואזיע וועגען פרייהייט, האבען א זין, אלס איין געגענזאץ דער ניט פרייער האנדלעריי און דעם פערקנעכטעטען בורזשוא פון מיטעלאלטער, און ניט בנוגע צו דער קאממוניסטישער פערניכטונג פון הענדלעריי, פון בורזשואזע פרא-דוקציאנס פערהעלטניסע און פון דער בורזשואזיע גופא.

עס נעמט אייך אן איין שרעק פאר דעם, וואס מיר ווילען פערניכטען פריוואט-אייגענטהום; נור אין אונזער צייט איז שוין פריוואט אייגענטהום פערניכטעט פיר $^{9}/_{10}$ פון דער בעפעלקערונג; זי עקזיסטירט מאקע דערפאר, וואס די $^{9}/_{10}$ האבען איהר ניט.

איהר בעשולדיגט אונז, קומט אויס, אז מיר ווילען מאכען צו גארניט אזא אייגענטהום, פיר וועלכע עס איז נייטיג, אז די גרעסטע מערהייט פון דער געזעלשאפט זאל ניט האבען קיין איי-גענטהום. קירצער, איהרווארפט אונז אויף, אז מיר ווילען פער-ניכטען אייער אייגענטהום. יע; אט דאס ווילען מיר מאקע...

איהר זאָגט, אז פון דעם מאָמענט אָן, ווען פון די ארבייט ויעט מען מעהר ניט קענען מאכען קיין קאַפּיטאל, קיין געלד, קיין ערדאָבצאָהלונג. קורץ קיינע אזעלכע געזעלשאפטליכע קראפט, וועלכע זאָל קענען אריינגענומען ווערען אין איינצעלנע הענד, ד. ה. פון דעם מאָמענט, ווען מען וועט ניט קענען מאכען פון קיין פריוואט=אייגענטהום א בורזשואזע אייגענטהום, פון יענעם מאָמענט אָן וועט ווערען פערניכטעט, נאָך אייערע ווערטער, די פערזענליכקייט. איהר גיט זיך מודה אויב אזוי, אז איין פערזענליכקייט איז נור דער בורזשוא, דער בורזשואזער בעזיצער פון אייגענטהום. גאנץ ריכטיג, אזא פערזענליכקייט מוז פערשווינדען. דער קאָממוניזמוס שטערט קיינעם ניט צו נעמען פיר זיך די געזעלשאפטליכע פּראָדוקטען, ער גיט נור ניט די מעגליכקייט צו פערקנעכטען יענעמס ארבייט דורך דעם. מען פלעגט ערווידערן, אז מיט דער פערניכטונג פון פריוואט אייגענטהום וועט אויפהערען יעדע טהעטיגקייט, און עס וועט הערשען איין אלגעמיינע פוילקייט. אויב אזוי האָט דער בורזשואזער אָרדנונג לאנג געדארפט פאלען, צוליב דעם, וואָס קיינער וויל ניט ארבייטען, ווייל דער, וואָס ארבייט יעצט, יענער בעקומט קיין זאך ניט, און דער, וואָס האָט א פערמעגען, יענער ארבייט ניט. די אלע שרעקענעש קען מען אויסדריקען מיט ענהליכע ווערטער: פון דער מינוט, ווי עס וועט אויפהערען צו עקזיסטירען דער קאַפּיטאל וועט אויפהערען צו עקזיסטירען די געדונגענע ארבייט.

אלע ערווידערונגען, וואָס מען מאכט געגען דער קאָמוניסטישער פונאנדערטיילונג און אויסארבייטונג פון פּראָדוקטען, ווערען פערברייטעט דורך די בורזשואזיע אויך אויף בענוצען און אויסארבייטען פון די פּראָדוק-טען פון גייסטליכע שעפּפונג. אזוי ווי פיר דעם בורזשוא איז די פערניכטונג פון קלאססענאייגענטהום גלייך ווי די פערניכטונג פון דער פּראָדוקציאָן אין גאנצען, אזוי איז אויך פיר איהם די פערניכטונג פון קלאססען=בילדונג די זעלבע זאך, ווי די פערניכטונג פון בילדונג אין אלגעמיין.

די בילדונג, וואָס ער בעוויינט אזוי איהר אונטערגיין, איז פיר איין גרייסע מעהרהייט איין מיטעל ווי צו ווערען איין מאשין. אָבער בעסער שפּארט אונז ניט איבער, אויסמעסטענדיג די פערניכטונג פון די בורזשואזע אייגענטהום מיט אייער מעסטל פון בורזשואזע בעגריפען ויעגען פרייהייט, בילדונג, רעכט א. ז. וו. אייערע געדאנקען גופא זיינען מעהר ניט א פרוכט פון אייערע בורזשואזע בעציהונגען פון פּראָדוקציאָן און אייגענטהום, אזוי ווי אייער רעכט איז מעהר ניט דער ווילען פון אייער קלאס, וואָס איהר מאכט פיר איין געזעץ,

אײַער ווילען, וואָס זיין אינהאַלט ווערט בעשטימט דורך די מאַטעריעלע לעבענס בעדינגונגען פֿון אײַער קלאַסס.

פֿערענדערענדיג אײַערע פּראָדוקציאָנס־און אײגענטהומס־בעציהונגען, וואָס בײַטען זיך שטענדיג אין דער ענטוויקלונג פֿון אינדוסטריע, אין אומפֿערביטענע געזעצען פֿון דער נאַטור און פֿון דעם שׂכל, האַלט איהר זיך ביי דער זעלבער קורצזיכֿטיגער פֿאָרשטעלונג, וואָס האָבען געהאַט אַמאָל אַלע קלאַססען, וואָס האָבען פֿריהער געהערשט און וואָס זיינען יעצט אַראָפּ פֿון דער סצענע. דאָס, וואָס פֿיר אײַך איז פֿערשטענדליך בנוגע צו די אַמאָהליגע אייגענטהום, דאָס וואָס איז פֿערשטענדליך אַנטקעגען די פֿעאָדאַלע אייגענטהום, דאָס קענט איהר שוין ניט פֿערשטיין, ווען עס רעדט זיך וועגען בורזשואַזע אייגענטהום.

די פֿערניכֿטונג פֿון דער פֿאַמיליע! אפילו די עקסטע ליבעראַלען רעגט אויף דיזער שענדליכֿער טהאַט, וועלכֿען עס וועלען אויפֿטהאָן די קאָמוניסטען. אויף וואָס זשע איז געגרינדעט די היינטיגע בורזשואַזע פֿאַמיליע? אויפֿ'ן קאַפּיטאַל, אויף פּריוואַטליכֿע פֿערדינסט. אין איהר ענטוויקעלטער פֿאָרם עקזיסטירט זי נור פֿיר דען בורזשואַ; איין צוגאָב צו איהר איז דאָס, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט מוז בלייבען אָן איין פֿאַמיליע, און וואָס עס ענטוויקעלט זיך די עפֿענטליכֿע פּראָסטיטוציאָן. עס איז זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז דער בורזשואַזער פֿאַמיליענלעבען וועט אויפֿהערען צו עקזיסטירען מיט דער פֿערניכֿטונג פֿון אָט דער צוגאָב זייַנעם, און זיי ביידע וועלען ווערען פֿערניכֿטעט צוזאַמען מיט דער פֿערניכֿטונג פֿון קאַפּיטאַל.

איהר וואַרפֿט אונז אויף, אַז מיר ווילען, אַז עס זאָל נעמען אַסוף צו דעם, וואָס די עלטערען עקספּלואַטירען זייערע קינדער. מיר זייַנען זיך מודה און מתודה אין אַזוינע פֿערברעכֿענס.

אָבער איהר זאָגט, אַז פֿערבייטענדיג די הויזליכֿע ערציהונגען פֿון אונזערע קינדער מיט איין געזעלשאַפֿטליכען, ווי דאָס ווילען די קאָמוניסטען, פֿערניכֿטען מיר די טייערסטע געפֿיהלען פֿיר דעם מענשען—דעם צובונד צו די קינדער. צו דען אָבער ווערט אײַער ערציהונג אויך ניט בעשטימט דורך די געזעלשאַפֿט: דורך די געזעלשאַפֿטליכֿע בעדינגונגען, אין וועלכֿע איהר ערציהט זיי, דורך די אריינמישונג פֿון דער געזעלשאַפֿט אונמיטעלבאַר, אָדער מיט איין אַרומיגען וועג, דורך די שול א. ז. וו.? די קאָממוניסטען קלערען ניט אויס די ווירקונג פֿון די געזעלשאַפֿט אויף די ערציהונג: זיי בייטען מעהר ניט אום דעם כאַראַקטער פֿון דער ווירקונג, זיי

בעפרייען די ערציהונג פון די ווירקונג פון דעם הערשענדען קלאסס.

די בורזשואזע לאנגע געשפרעכען וועגען דער פאמיליע און די ערציהונג, וועגען הערצליכע פערהאלטען זיך צווישען די עלטערן און די קינדער רופען ארויס אלץ א גרעסערען עקעל, וואס מעהר דער ענטוויקלונגסגאנג פון דער גרויספראדוקציאן צורייסט צווישען דעם פראלעטאריאט די פאמיליענפערבינדונגען און מאכט פון די קינדער אזא פון האנדעל און איין ארבייטסגעצייג.

„אבער איהר, קאממוניסטען ווילט איינפיהרען, אז די ווייבער זאלען זיין אלעמענס", שרייט די גאנצע בורזשואזע איינשטימיג אויסער זיך.

דער בורזשוא זעהט אין זיין ווייב, נור איין אויסארבייטונגס-געצייג. ער הערט, אז אלע מיטלען פון דער פראדוקציאן דארפען ווערען איבערגענוצט פון דער גאנצער געזעלשאפט, און דעריבער ענטשטייט ביי איהם נאטירליך איין געדאנק, אז מיט די פרויען וועט אויך זיין דאס זעלבע, אז זיי וועלען אויך געהערען אלעמען. ער איז אפילו ניט חושד, אז מען רעדט אט טאקע וועגען דעם, אז די פרוי זאל מעהר ניט דארפען פערנעהמען די לאגע פון איין געמיינעם מיטעל פון אויסארבייטונג. בכלל, עס איז מעהר ניט צו לאכען איבער דעם זיטליכען שרעק פון אונזער בורזשוא פאר די אפיציעלע אלגעמיינהייט פון פרויען ביי די קאממוניסטען, וועלכע ער שטעלט זיך פאר. די קאממוניסטען דארפען דאך גאר ניט איינפיהרען, אז די פרויען זאלען געהערען אלעמען. דאס האט דאך שטענדיג עקזיסטירט. אונזערע בורזשוא, ניט זייענדיג בעפרידיגט מיט דעם, וואס אין זייער רשות געפינען זיך די פרויען און די טעכטער פון די פראלעטאריער, (וועגען די אפיציעלע פראסטיטוציאן איז שוין ניטא וואס צו ריידען), געפינען נאך איין בעזונדערען פערגעניגען אין דעם, וואס זיי פארפיהרען די ווייבער איינער ביי דעם אנדערען. דער בורזשואזער חתונה-האבען דאס איז אין ווירקליכקייט איין אלגעמיינהייט פון פרויען. די קאממוניסטען אין ערגסטען פאל האט מען געקענט בעשולדיגען אין דעם, אז אנשטאט איין פערשטעלטע אלגעמיינהייט פון פרויען, וואס ווערט צבוע'טיש פערמאסקירט, ווילען זיי איינפיהרען איין אפיציעלע און אפענע אלגעמיינהייט פון פרויען. נאר, עס פערשטייט זיך פון זיך אליין, אז מיט די פערניכטונג פון די עקזיסטירענדע פראדוקציאנס בעציהונגען וועט ווערען פערשוואונדען די אלגעמיינהייט פון פרויען, וואס קומט פון דעם ארויס, ד. ה. די אפענע און פערדעקטע פראסטיטוציאן.

מען האָט נאָך די קאָמוניסטען בעשולדיגט אין דעם, וואָס זיי קלייבען זיך צו מאַכען צו גאָרנישט פֿון פֿאָטערלאַנד, נאַציאָנאַליטעט. די אַרבייטער האָבען ניט קיין פֿאָטערלאַנד. מען קען ביי זיי ניט אָפּנעהמען דאָס, וואָס זיי האָבען ניט.

דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס דאַרף פֿריהער ערוֹבערן זיך די פּאָליטישע הערשאַפֿט, זיך דערהויבען ביז אַיין נאַציאָנאַלען קלאַס, זיך אַיינאָרדנען אין די נאַציאָן גופא, איז נאָך דערווייל נאַציאָנאַל, אָבוואָהל ניט אין דעם בורזשואַזען זין. מיט דער ענטוויקלונג פֿון דער בורזשואַזיע, מיט די פֿרייהייט פֿון האַנדעל, מיט דעם וועלט-מאַרק, אַיינאַרטיגקייט פֿון די פּאָ־מען פֿון די אינדוסטריעלע פּראָדוקציאָן און פֿון די פּאַסענדע תנאים פֿון עקזיסטענץ, מיט דעם אַלעם ווערען ניט די נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט און דער אַנטאָגאָניזמוס צווישען די פֿעלקער.

די הערשונג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט וועט נאָך פֿערגיכען זייער סוף. די פֿעראַייניגטע טהעטיגקייט פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט אין די ציוויליזירטע לענדער אַם ווייניגסטענס, איז איינע פֿון די וויכטיגסטע בעדינגונגען פֿון זיין בעפֿרייאונג. אויף אַזוי פֿיעל, אויף וויפֿיעל עס וועט ווערען פֿערקלענערט די עקספּלואַטאַציאָן פֿון אַיין קלאַס דורך דעם אַנדערען, אויף אַזוי פֿיל וועט אויך פֿערשווינדען די עקספּלואַטאַציאָן פֿון אֵיין נאַציאָן דורך די אַנדערע. צוזאַמען מיט די קלאַסען געגענזעצע אין די גרענעצען פֿון אֵיין נאַציאָן הערט אויך אויף די פֿיינדליכע בעציהונג פֿון אֵיין נאַציאָן צו דער אַנדערער. די בעשולדיגונגען, וואָס ווערען אַרויסגעזאָגט געגען קאָמוניזמוס פֿון רעליגיעזער, פֿילאָזאָפֿישער און אידעאָלאָגישער שטאַנדפּונקט זיינען ניט ווערט, מען זאָל זיך אויף זיי גענויער אָפּשטעלען.

צו דען דאַרף מען האָבען איין אינגעוויינליכע טיעפֿזיניגקייט צו פֿערשטיין, אַז צוזאַמען מיט די לעבענס-תנאים פֿון דער מענשהייט, מיט זייער געזעלשאַפֿטליכען לעבען, בייטען זיך אויך זייערע פֿאָרשטעלונגען, זייערע אַנשויאונגען און בעגריפֿען, מיט איין וואָרט, זייער גייסטיגע וועלט. וואס דען אַנדערש בעווייזט די געשיכטע פֿון אידעען, אויב ניט דאָס, אַז די פּראָדוקציאָן פֿון גייסטליכע רייכטימער בייט זיך צוזאַמען מיט דעם אופֿן פֿון פּראָדוקציאָן פֿון מאַטעריעלע פּראָדוקטען? די הערשענדע אידעען פֿון יעדער צייט זיינען אַלע מאָל געווען די אידעען פֿון דעם הערשענדען קלאַסס.

מען רעדט אָפֿטמאָל וועגען אידעען, וואָס רעוואָלוציאָניזירען

די גאַנצע געזעלשאַפֿט. אין דעם דריקט זיך אויס מעהר ניט דער פֿאַקט, אַז אין דער אַלטער געזעלשאַפֿט זיינען ענטשטאַנען עלעמענ-טען פֿון עפּעס נייעס, אַז די צופֿאַלונג פֿון די אַלטע לעבענס-בע-דינגונגען געהט האַנד ביי האַנד מיט די פֿערשווינדונג פֿון די אַל-טע אידעען. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די צופֿאַלונג פֿון דער אַלטער וועלט, זיינען די אַמאָליגע רעליגיאָנען געוועזען בעזיעגט דורך דעם קריסטענטום. ווען די אויפֿקלערונגס-געדאַנקען האָבען אין 18-טען יאָהרהונדערט געהאַט אַיין נצחון איבער די אידעען פֿון קריסטענטום, האָט די פֿעאָדאַלע געזעלשאַפֿט געפֿיהרט איהר לעצטען קאַמפּף מיט דער רעוואָלוציאָנערער בורזשואַזיע פֿון יענער צייט. די אידעען פֿון פֿרייהייט פֿון געוויסען און פֿון רעליגיאָן זיינען מעהר ניט געוועזען איין אויסדרוק פֿון די הערשאַפֿט פֿון פֿרייע קאָנקורענץ אין דער ווי-שענשאַפֿטסוועלט. אָבער, וועט מען זאָגען, די רעליגיעזע, מאָראַלי-שע, פֿילאָזאָפֿישע, פּאָליטישע, רעכטליכע און אַנדערע אידעען האָבען ווירקליך געביטען זייער אויסזעהן אין דעם גאַנג פֿון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג, אַבער ביי די אַלע ביטונגען זיינען קיינ-מאָל ניט פֿערניכטעט געוואָרען די רעליגיאָן, מאָראַל, פֿילאָזאָפֿיע פּאָליטיק און רעכט גופֿא, חוץ דעם עקזיסטירען דאָך נאָך אייביגע וואַרהייטען, ווי פֿרייהייט, גערעכטיגקייט א. ז. וו., וואָס זיינען איינע פֿיר יעדען געזעלשאַפֿטליכען אָרדנונג. דער קאָמוניזמוס אָבער פֿערניכטעט די אייביגע וואַרהייטען, ער פֿערניכטעט די אייביגע וואַרהייטען, ער פֿערניכטעט די רעליגיאָן, די מאָראַל, אַנשטאַט זיי צוצוגעבען נייע פֿאָרמען. אויף אַזאַ אופֿן געפֿינט ער זיך אין אַ סתירה מיט די אַלע ענטוויקלונגס פּראָצעסען, וואָס מיר האָבען נאָכגעקוקט ביז יעצט". פֿון וואַנען קומט אַרויס דער בלבול? די בעוועגונגס קראַפֿט אין דער געשיכטע פֿון יעדער געזעלשאַפֿט, וואָס האָט עקזיסטירט ביז יעצט זיינען געוועזען די קלאַססענגעגענזעצע, וואָס האָבען אָנגענומען פֿערשידענע פֿאָרמען אין פֿערשידענע צייטען. אָבער וואָס פֿיר אַ פֿאָרמען זיי האָבען ניט אָנגענומען, איינס איז געוועזען גלייך ביי אַלע-מען אין אַלע דורות, די עקספּלואַטאַציאָן, די בעדריקונג פֿון איין טייל פֿון דער בעפֿעלקערונג דורך די אַנדערע. דאַריבער איז ניטאָ וואָס צו וואונדערען זיך איבער דעם, וואס דער געזעלשאַפֿטליכער בע-וואוסטזיין אין אַלע יאָהר הונדערטען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיי זיינען געוועזען אַזוי פֿערשיעדען, אַזוי איינגעאַרטיג, האָט זיך אויסגעגאָסען אין אַ בעשטימטע אַלגעמיינע פֿאָרם, אין אַזוינע פֿאָרמען פֿון בעוואוסטזיין, וואָס קענען פֿערשווינדען נור דאַן

ווען עס וועלען אין גאַנצען פערשווינדען די קלאַססען הפוכים.

די קאָממוניסטישע רעוואָלוציאָן רייסט אָפּ איין מאָהל אויף אַלע מאָהל מיט די יעצטיגע פאָרם פון אייגענטום; עס איז זיך דעריבער נישטאָ וואָס צו וואונדערן, אויב זי פערלאָזט אין גאַנצען די פערעלטערטע אידעען.

לאָמיר אָבער אַוועק לייגען אָן אַזייט די אָנפאַלען פון די בורזשואַזיע אויף דעם קאָממוניזמוס. מיר האָבען שוין פריהער געזעהען, אַז דער ערשטער טריט אין דער אַרבייטער-רעוואָלוציאָן איז די ערהויבונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אויף די שטופּפע פון איין הערשענדען קלאַסס, די עראָבערונג פון דער דעמאָקראַטיע. דער פּראָלעטאַריאַט וועט פערווענדען זיין פּאָליטישע הערשונג אויף דעם, כדי ביסלעכווייז ארויסצורייסען ביי די בורזשואַזיע דעם גאַנצען קאַפּיטאַל, צוזאַמענקלייבענדיג אַלע פּראָדוקציאָנסמיטלען אין די הענד פון דער מלוכה, ד. ה. פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס וועט זיך איינאָרדנען אַלס איין הערשענדער קלאַסס, און כדי וואָס גיכער צו פערגרעסערען די צאָהל פון די פּראָדוקטיווע קרעפטען.

פערשטייט זיך, אַז די ערשטע צייט קען דאָס פאָרקומען נור דורך איין דעספּאָטישע אַריינמישונג אין די אייגענטומסרעכט און אין די בורזשואַזע פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען, ד. ה. מיט אַזעלכע מיטלען, וואָס דוכטען זיך פיר עקאָנאָמיש ניט גענוגע און אונזיכערע. זיי וואַקסען אָבער זיך אַליין איבער און ווערען בעוועגונג אין זייער אונפערמיידליך אַלס מיטעל צו מאַכען איין איבערקעהרעניש אין דעם גאַנצען אופן פון פּראָדוקציאָן.

פערשטייט זיך, אַז די מיטלען וועלען זיין פערשיידענע אין פערשידענע לענדער. פון דעסטוועגען אין די מעהר פּראָגרעסיווע לענדער קענען זיין אין אַלגעמיינע שטריכען אָנגעווענדעט פאָלגענדע מיטלען:

1) די עקספּראָפּריאַציאָן פון ערד בעזיץ און די געברויך פון די הכנסה פון די ערד אויף די הוצאות פון דער מלוכה.

2) איין הויכער וואַקסענדער אָבצאָהלונג אויף די הכנסה (למשל, 2 רובל פון 100 רובל, 15 רובל פון 500 רובל, 40 ר. פון 1000 א. ז. וו.)

3) די פערניכטונג פון רעכט צו ירשה׳נען.

4) אָפּנעמען די אייגענטום פון אַלע עמיגראַנטען און בונטאָווניצעס פיר די מלוכה.

5) פעראייניגען דעם קרעדיט אין די הענד פון דער מלוכה

דורך איין נאַציאָנאַלען באַנק מיט איין קאַפּיטאַל פון דער מלוכה און מיט איין אויסשליסליכע מאָנאָפּאָל.

6) פעראייניגען אַלע מיטלען פון פערקעהר און אַלע וועגען אין די הענד פון דער מלוכה.

7) פערגרעסערען די צאָהל נאַציאָנאַלע פֿאַבריקען, די געצייג פון פּראָדוקציאָן, בעאַרבייטען די ערד, אויפֿהייבען איהר פּרודוקטבאַרקייט נאָך איין אַלגעמיינעם פּלאַן.

8) איינפֿיהרען אַלגעמיינע, גלייכע אַרבייט, צו וועלכע אַלע זאָלען זיין מחויב, גרינדען אינדוסטריעלע אַרמעען בעזונדערס פיר אַרבייט.

9) די פֿעראייניגונג פון אינדוסטריעלע טהעטיגקייט און ערד-אַרבייט, אַנגעמען מיטלען כדי צו פערניכטען די פערשידענהייט צווישען דאָרף און שטאָדט.

10) געזעלשאַפֿטליכע אומזיסטע ערציהונג פיר אַלע קינדער אָפּשאַפֿען די פֿאַבריקאַרבייט אין איצטיגער אויסזעהן פֿיר אַלע קינדער. די פעראייניגונג פון דער ערציהונג מיט די אויסאַרבייטונג פֿון פּראָדוקטען פֿון געברויך.

ווען מיט דער צייט וועלען אונטערגיין די קלאַססען-פערשידענהייטען און די פּראָדוקציאָן וועט זיך צוזאַמענקלייבען אין די הענד פון פעראיינען, וועט די געזעלשאַפֿטליכע מאַכט אָנווערען איהר פּאָליטישען כאַראַקטער. די פּאָליטישע מאַכט איז אייגענטליך די אָרגאַניזירטע קראַפֿט פֿון איין קלאַסס, כדי צו אונטערטעניגען דעם אַנדערען. דער פּראָלעטאַריאַט אין זיין קאַמפּף מיט דער בורזשואַזי מוז זיך נויטווענדיג פֿעראייניגען אין אַ קלאַסס, מוז ווערען דורך איין רעוואָלוציאָן דער הערשענדער קלאַסס און אַלס אַ זאָלכער וועט ער צושטערען מיט געוואַלד די אַלטע פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען. אָבער צוזאַמען מיט די פּראָדוקציאָנסבעציהונגען צושטערט ער אויך די תנאים, וועלכע זיינען נויטיג פיר די עקזיסטענץ פֿון קלאַססענגעגענזעצע, ער צושטערט קלאַססען אין אַלגעמיין און דערוויל אויך זיין קלאַסס. אַנשטאָט דער אַלטער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט מיט איהרע קלאַססען און מיט די פֿיינדשאַפֿט צווישען די קלאַססען וועט ווערען געשאַפֿען איין פֿרייער פֿעראיין, אין וועלכען די פֿרייע ענטוויקלונג פֿון יעדער מיטגליעד וועט זיין נויטיג פֿיר די ענטוויקלונג פֿון אַלעמען צוזאַמען.

III.

# סאָציאַליסטישע אונד קאָממוניסטישע ליטעראַטור.

## 1) דער רעאַקציאָנערער סאָציאַליזמוס.

### א) דער פעאָדאַלער סאָציאַליזמוס.

די בעזונדערע אויפגאַבע פון די פראַנצויזישע און ענגלישע אַריסטאָקראַטיע, אַ דאַנק זייער היסטאָרישער לאַגע, איז בעשטאַנען אין שרייבען העץ־אַרטיקלען געגען דער יעצטיגער בורזשואַזער געזעלשאַפט. אין די רעוואָלוציאָן פון 1830 יאָהר אין פראַנקרייך, אין די ענגלישע רעפאָרמאַטאָרישע בעוועגונג איז זי געוועזן נאָך איין מאַל בעזיעגט פון דעם חוצפהדיגען פריץ, דעם יונגען קלאַסס.

וועגען איין ערענסטען פאָליטישען קאַמפף איז שוין ניט געווען וואָס צו רעדען; עס איז נור געבליבען איין ליטעראַרישער קאַמפף. אָבער אויך אין דער ליטעראַטור האָט מען שוין מעהר ניט געקענט געברויכען די פריהערדיגע פלוידעריי פון די צייטען פון די בעזייטע קעניגליכע מאַכט, וואָס זיינען אנגעקומען נאָך דעם פאַלען פון נאַפּאָלעאָן. כדי צו קריגען צו זיך אַ מיטפיהל, האָט די אַריסטאָקראַטיע זיך געדאַרפט מאַכען אַזוי ווי זי וואָלט פערגעסען וועגען איהרע אייגענע אינטערעסען, אַז זי שרייבט איהר בעשולדיגוננסאַקט געגען די בורזשואַזיע, זייענדיג בעוועגט דערצו נור פון די אינטערעסען פון דעם עקספּלואַטירטען אַרבייטער קלאַסס. אויף אַזא אופן האָט זי זיך געטהון פערגניגען, אַרויסלאָזענדיג פאַסקווילען געגען איהר נייעם הערשער און שושקענדיג איהם אויף דעם אויער אונאַנגענעהמע נביאות וועגען שווערע שטראָף און אומגליקען.

אַזוי איז ענטשטאַנען דער פעאָדאַלער סאָציאַליזמוס, טיילווייז איין קלאָגליעדעלע, טיילווייז איין פאַסקוויל, העלפט — איין אָפּקלאַנג פון דער פערגאַנגענהייט, אויף העלפט — איין התראה פון דעם צוקונפט. דאָס פלעגט אָפטמאָל טרעפען שווער די בורזשואַזיע גלייך אין האַרצען מיט איהרע שאַרפזיניגע געדאַנקען, וואָס האָבען איהר געשאַפען איין גרויסען וועהטאָג, און וואָס האָבען אַלע מאָל דאָך גע-

מאַכט איין קאָמישען אייַנדרוק מיט איהר פאָללע אונפייהיגקייט צובעגרייפען דעם גאַנג פון דער יעצטיגער היסטאָרישער ענטוויקלונג. זיי האָבען זיך געפאָכט מיט דער פּראָלעטאַרישער טאָרבע, אַנשטאָט אַ פאָהן כדי צוציהען אויף זייער זייט דעם פאָלק. אָבער גייהענדיג נאָך זיי פאָלגט דער פאָלק דערזעהן פון הינטען דעם אַלטען פעאָדאַלען הערב און פלעגט זיך פאַנאַנדער לויפען מיט איין אונאַרטיגען געלעכטער. אַ טייל פון די פראַנצויזישע לעגיטימיסטען און די יונגע ענגלאַנד האָבען מיט גרויס פלייסיגקייט געשפּיעלט די קאָמעדיע אויף לייטישע געלעכטער.

בעווייזענדיג, אַז דער אופן, אויף וועלכען זיי האָבען עקספּלואַטירט איז אין גאַנצען ניט ענהליך צו דער בורזשואַזער עקספּלואַטאַציאָן, פערגעסען די אַלטע באַראָנען, אַז זיי האָבען עקספּלואַטירט ביי אַנדערע אומשטענדען און בעדינגונגען, וואָס זיינען שוין לאַנג פערגאַנגען, אָנווייזענדיג אויף דעם, אַז אין די צייט פון זייער הערשונג איז ניט געווען קיין היינטיגער פּראָלעטאַריאַט, פערגעסען זיי, אַז טאַקע די יעצטיגע בורזשואַזיע איז געווען איין נויטיגער צווייג פון זייער געזעלשאַפטליכען בוים. אייגענטליך, אויף וויפיל זיי האַלטען ניט פיר נויטיג צו בעהאַלטען דעם רעאַקציאָנערען כאַראַקטער פון זייער קריטיק, קען מען זעהן פון דעם הויפּטפּונקט אין וועלכען זיי בעשולדיגען די בורשואַזיע, וועלכער בעשטעהט אין דעם, וואָס ביי דעם בורזשואַזען רעזשים ענטוויקעלט זיך איין קלאַסס, וועלכער וועט אָפּראַמען פון דער ערד דעם אַלטען געזעלשאַפטליכען אָרדנונג.

זיי וואַרפען אויף די בורזשואַזיע ניט אַזוי פיל אין דעם, וואָס זי בעשאַפט איין פּראָלעטאַריאַט אין אַלגעמיין, וויפיל אַבערהויפּט אין דעם, וואָס זי בעשאַפט איין רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט.

דעריבער נעהמען זיי אַנ׳אַנטייל אין דער פּראַקטיק אין אַלע פערשווערונגס מיטלען געגען דעם אַרבייטער קלאַסס און אין געוויינליכען לעבען. ניט קוקענדיג אויף זייערע הויכע אָנגעבלאָזענע געשפּרעכען זיינען זיי גערן אַראָפּצורייסען אַ פעטערען ביססען און פערבייטען זייער טריידהייט, „ליעבע״ און „עהרע״ אויף הענדלעריי מיט שעפּשענע וואָל, מיט צוקער און בראַנפען. דער פּאָפּ איז שטענדיג נאָכגעגאַנגען דעם פעאָדאַל, דער קריסטליכער סאָציאַליזמוס געהט אויך שטענדיג נאָך דעם פעאָדאַלען. עס איז

גאַנץ גרינג צו געבען דער קריסטליכער נזירות אַיין סאָציאַליסטישע פאַרב. צו דען האָט דער קריסטענטום זיך ניט געווענדעט מיט היץ געגען פּריוואַט אייגענטום, געגען חתונה—האָבען און געגען דער מלוכה? צו דען האָט ער ניט געפּרעדיגט זיי פערבייטען מיט וואהלטהעטיגקייט און מיט איין אָרימען לעבען, ניט חתונה—האָבען און פערשטיקען אין זיך די קערפּערליכע פערלאַנגען, מיט איין מאָנאַכען לעבען און מיט דער קירכע? דער קריסטליכער סאָציאַליזמוס—דאָס איז די הייליגע וואַסער, מיט וועלכע די גייסטליכע בעשפּריצען דעם כעס פון די אַריסטאָקראַטען.

---

## ב) דער קליינבירגערליכער סאָציאַליזמוס.

די פעאָדאַלע אַריסטאָקראַטיע איז ניט דער אייגציגער קלאַסס, וואָס די בורזשואַזיע האט אַראָפּגעוואָרפען, וואָס זיין עקזיסטענץ איז געוואָרען אונמעגליך און זעהר אונאַנגענעהם אין דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

דער מיטעלאַלטערישער בירגער-קלאַסס און דער קליינליכער בויער קלאַס זיינען געווען פריהער ווי די היינטיגע בורזשואַזיע. אין די לענדער, וואו אינדוסטריע און האַנדעל זיינען ווייניגער ענטוויקעלט, זשאַוועט נאָך דער קלאַסס ווי עס איז צוגלייך מיט דער גרויסבורזשואַזיע, וואָס האַלט זיך דאָרט אין ענטוויקלען. אין די לענדער, וואו עס האַט זיך ענטוויקעלט די היינטיגע ציוויליזאַציאָן, האָט זיך געבילדעט און עס בילדעט זיך שטענדיג פון דאָס ניי א נייע קליינבורזשואַזיע, אַלס א צוגאָב צו דער היינטיגע געזעלשאַפט, וואָס וויעגט זיך צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע. אָבער די קאָנקורענץ שטופּט זיי אַראָפּ אָהן איין אויפהער אין די רייהען פון דעם פּראָלעטאַריאַט, און זיי זעהען, ווי מיט דער ענטוויקלונג פון גרויס-אינדוסטריע, דערנעהערט זיך דער מאָמענט, ווען זיי וועלען אינגאַנצען פערניכטעט ווערען, אַלס איין זעלבסטשטענדיגע טייל פון דער היינטיגער געזעלשאַפט און זייער אָרט אין האַנדעל, אין מאַנופאַקטור, אין ערד אַרבייט וועלען פערנעהמען אויפזעהער אויף די אַרבייט און בעדיענער.

נאַטירליך, אַז אין פראַנקרייך - וואו די פויערים זיינען מעהר ווי א העלפט פון דער גאַנצער בעפעלקערונג, האָבען די שרייבער,

וואָס האָבען אַרויסגעטראָטען צו פֿערטיידיגען דעם פּראָלעטאַריאַט געגען די בורזשואַזיע, געקריטיקירט דעם בורזשואַזען רעזשים נאָך אין קליינבירגערליכע און אין קליינפויערישע מאָס. זיי האָבען זיך אָנגענומען פֿיר דעם אַרבייטער פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער קליינבורזשואַזיע. אַזוי האָט זיך געבילדעט דער קליינבירגערליכער סאָציאַליזמוס.

דיזער סאָציאַליזמוס האָט טיעפֿזיניג פֿונאַנדערגעגלידערט און האָט בולט אויסגעשטעלט די היפּוכים פֿון די יעצטיגע פּראָדוקציאָנס בעציהונגען.

ער האָט אַראָפּגעריסען דעם שלייער פֿון די צבֿועשישע צוגעפֿאַרבענע בילדער, וואָס די עקאָנאָמיסטען שטעלען פֿאָר. די צושמעטערנדע ווירקונג פֿון דער מאַשינען-פּראָדוקציאָן און פֿון דער צוטיילונג פֿון דער אַרבייט, די קאָנצענטראַציאָן פֿון דעם קאַפּיטאַל און פֿון די ערד-אייגענטום, די איבער-פּראָדוקציאָן, קריזיסען, די נויטווענדיגקייט פֿון דעם אונטערגאַנג פֿון דער קליינבורזשואַזיע און פֿון די פּויערים, די אָרימקייט פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט, די אונאָרדנונג וואָס הערשט אין דער פּראָדוקציאָן, די שרייאיגע אונגערעכטיגקייט אין דעם פֿונאַנדערטיילונג פֿון אַרבייטס פּראָדוקטען, דער שרעקליכער אויסראָטענדער קאַמפּף און האַנדעל, וועלכען עס פֿיהרען צווישען זיך די נאַציאָנען, די פֿערניכטונג פֿון די אַלטע מנהגים פֿון דעם אַלטען פֿאַמיליען-לעבען, פֿון די אַלטע נאַציאָנאַליטעטען — דאָס-אַלץ איז אַזוי קלאָהר אַרויסגעוויזען געוואָרען דורך דעם קליינבירגערליכען סאָציאַליזמוס, אַז דאָס איז שוין אונמעגליך אָפּצולייקענען. אין זיין פּאָזיטיווער פּראָגראַם אָבער וויל דיעזער סאָציאַליזמוס ניט מעהר, ווי אויפֿשטעלען פֿון דאָס ניי די אַלטע מיטלען פֿון אויסאַרבייטונג און פֿון פֿערקעהר און צוזאַמען מיט דעם אויך אויפֿשטעלען די אַלטע אייגענטומס בעציהונגען און די אַלטע געזעלשאַפֿט, אָדער ער וויל ווידער מיט געוואַלט אַריינשטופּען די היינטיגע פּראָדוקציאָנסגעצייג אין די ראַמען פֿון די אַלטע אייגענטומס-בעציהונגען, וואָס זיי האָבען צובראָכען און וועלכע זיי האָבען געמוזט צוברעכען. סיי אין דעם, סיי אין יענעם פֿאַל איז דיעזער סאָציאַליזמוס אין דער זעלבער צייט רעאַקציאָנער און אוטאָפּיש.

אָרגאַניזירען די מאַנופֿאַקטור אין צעכען און איינפֿיהרען אין פּאַטריאַרכאַלישע דאָרף-ווירטשאַפֿט — דאָס איז זיין לעצטער וואָרט.

אין איהר ווייטערדיגער ענטוויקלונג איז די ריכטונג אומגעענדערט געוואָרען אין איין שרעקעדיגען בורצענען.

## ג) דער דייטשער אָדער דער „אֱמֶתֶער" סאָציאַליזמוס.

די סאָציאַליסטישע און די קאָממוניסטישע ליטעראַטור פֿון פֿריינקרייך, וואָס איז ענטשטאַנען אונטער דעם דרוק פֿון דער הערשענדער בורזשואַזיע, און האָט פֿארגעשטעלט דעם קאַמפּף מיט דיזער הערשונג אין דער ליטעראַטור, איז געוועזען איבערגעטראַגען אין דייטשלאַנד אין יענער צייט, ווען דיא בורזשואַזיע האָט נאָך ערשט אנגעהויבען איהר קאַמפּף מיט דער זעלבסטהערשונג פֿון די פֿעאדאַלען.

די דייטשע פילאָסאָפען, האַלבע פילאָסאָפען און מענשען איבערפלעכליכע אין געזעלשאַפטליכע פראַגען האָבען זיך מיט גרויס חשק אַרויפגעוואָרפען אויף די ליטעראַטור; זיי האָבען מעהר ניט פֿערגעסען, אַז צוזאַמען מיט די ליטעראַטור זיינען אין דייטשלאַנד ניט דורכגעדרונגען פֿון פֿראַנקרייך די פֿראַנצויזישע תנאים פֿון לעבען.

אין די דייטשע בעדינגונגען האָט די פֿראַנצויזישע ליטעראַטור פֿערלאָרען יעדען פּראַקטישען ווערטה און האָט אנגענומען איין ריין ליטעראַרישען כאַראַקטער. זי האָט אנגענומען איין כאַראַקטער פֿון גלאַט פֿילאָזאָפירען, ניט בעגרינדענדיג זיך אויף וועלכע עס איז פֿאַקטען, וועגען דעם, אין וואָס באַשטייט די אמת'ע נאַטור פֿון דעם מענשען.

פֿיר די דייטשע פֿילאָזאָפען פֿון 18-טען יאהרהונדערט האָבען די פֿאָדערונגען פֿון די ערשטע פֿראַנצויזישע רעוואָלוציאָן געהאַט נור דעם זינן, וואָס זיי זיינען געוועזען די פֿאָדערונגען פֿון דעם „פּראַקטישען פֿערשטאַנד" אין אַלגעמיין און דער ווילען פֿון דער רעוואָלוציאָנערער פֿראַנצויזישער בורזשואַזיע האָט אין זייערע אויגען אויסגעוויזען פֿאַר געזעצען פֿון אַלגעמיינעם ווילען, פֿון דעם ווילען, ווי ער דאַרף פֿארקומען, פֿון דעם אמת'ען מענשליכען ווילען. די אַרבייט פֿון די דייטשע שרייבער איז בעשטאַנען דורכאויס אין איינשטימען די נייע פֿראַנצויזישע געדאַנקען מיט זייער אַלטען פֿילאָזאָפֿישען געוויסען, אָדער, בעסער, אין דעם מיטעל, ווי אָנצונעהמען די פֿראַנצויזישע געדאַנקען, ניט בייטענדיג זייער פֿילאָזאָפֿישען שטאַנדפּונקט.

ראָם בעקענען זיך מיט די פראַנצויזישע אידעען איז פאָרגעקומען אויף דעם זעלבען אופן, אויף וועלכען מען ערלערענט איין אויסלענדישע שפּראַך דורך איין איבערזעץ.

עס איז בעוואוסט, אַז די מאָנאַכען פלעגען אָנשרייבען אויף די האַנדשריפטען, וואָס פלעגען ענטהאַלטען אין זיך די בעסטע ווערק פון די אַלטע געטצענדינערישע צייט, ניט געשטויגענע לעבענסגעשיכטען פון די קאַטוילישע הייליגע. די דייטשע שרייבער האָבען געטהאָן פונקט פאַרקעהרט מיט דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, וואָס איז געוועזן ווייט פון אַזאַ פילאָזאָפיע, וועלכע איז אָבגעטיילט פון איין רעעלען באָדען. הינטער דעם פראַנצויזישען אָריגינאַל פלעגען זיי שרייבען זייערע פילאָזאָפישע אונזיניגקייטען.

צום ביישפּיעל, הינטער די פראַנצויזישע קריטיק פון געלד-שייכות'ען האָבען זיי געשריעבען וועגען „זעלבסט בעגרענעצען דעם מענשליכען וועזען", הינטער די פראַנצויזישע קריטיק פון דעם בירזשואַזען שטאַאַט—וועגען „די פערניכטונג פון די הערשונג פון דעם אַבסטראַקט-אַלגעמיינעם" א. ז. וו. די פערבייטונג פון די פראַנצויזישע אויספאָרשונגען אויף אייגענע פילאָזאָפישע פלוידעריי האָבען זיי געגעבען איין נאָמען „די פילאָזאָפיע פון טהאַט", „אמת'ער סאָציאַליזמוס" „דייטשער סאָציאַליסטישע לעהרע", „פילאָזאָפישע בעגרינדונג פון סאָציאַליזמוס" א. ז. וו.

אַט אַזוי איז ביי די פראַנצויזישע סאָציאַליסטיש-קאָממוניסטישע ליטעראַטור אָפּגענומען געוואָרען איהר פרוכטבאַרקייט.

אַזוי ווי אין די הענד פון די דייטשען האָט זי אויפגעהערט צו זיין איין אויסדרוק פון קאַמפּף פון איין קלאַסס געגען דעם אַנדערען, האָבען די דייטשען זיך געטראַכט, אַז זיי האָבען אָפּגעשאַפט די פראַנצויזישע איינזייטיגקייט, פערטיידיגענדיג אַנשטאַט די אמת'ע בעדערפניסען—די בעדערפנים אין אמת, אַנשטאַט פּראָלעטאַרישע אינטערעסען—די אינטערעסען פון יעדע מענשליכע בעשעפעניש, פון דעם מענשען אין ברייטען זינן פון דעם וואָרט, וואָס געהערט ניט צו קיין קלאַסס... און וואָס עקזיסטירט ניט אין דער ווירקליכקייט, נור אין דער פערוואָלקענטער וועלט פון זייערע פילאָזאָפישע פאַנטאַזיען. דיעזער דייטשער סאָציאַליזמוס, וואָס האָט געקוקט אַזוי ערענסט און מיט אַזאַ עהרעפורכט אויף זיינע לעהרען און וואָס האָט פונאַנדערגעקלונגען וועגען זיי אויף אַלע וועגלעך און שטעגלאַך, האָט ביסלעכווייז אָנגעוואָרען זיין פעדאַנטישע אונשולדיגקייט.

דער קאַמפּף צווישען דער דייטשער און בעזונדערס דער פּריי-

טישער בורזשואזיע מיט די פעאדאלען און מיט די קעניגליכע מאכט, קורץ, די ליבעראלע בעוועגונג האט אנגענומען איין ערענסטען כאראקטער.

דער „אמת'ער" סאציאליזמוס האט אויף אזא אופן געהאט איין גוטע געלעגענהייט געגענשטעלען דער פאליטישער בעוועגונג די סאציאליסטישע פארערונגען, ארײנליינען אין הרם דען ליבעראליזמוס, די מלוכה פון פארשטעהער, די בורזשואזע קאנקורענץ, די בורזשואזע פרייהייט פון דרוק, די בורזשואזע רעכט, די בורזשואזע פרייהייט און גלייכהייט און ערקלערען די פאלקסמאססען, אז אין דער בורזשואזער בעוועגונג וועט זי קיין זאך ניט געווינען, זי וועט גיכער אלץ פערלירען. דער דייטשער סאציאליזמוס האט גראדע פערגעסען וועגען דעם, אז די פראנצויזישע קריטיק, וועמענס אונבעוואוסטער אפקלאנג ער איז געווען, האט דאס אלץ גערעדט וועגען דער היינטיגער בורזשואזער געזעלשאפט מיט די צוגעפאסטע צו איהר מאטעריעלע תנאים פון לעבען און פאליטישע ארדנונג, מיט איין ווארט וועגען דעם אלץ, וואס אין דייטשלאנד האט מען נאך געדארפט בעקעמפפען. די דייטשע זעלבסטהערשענדע רעגירונגען מיט די גאנצע סוויטע פון שוללעהרער, גוטסבעזיצער און ביוראקראטען האבען זיך בענוצט מיט איהם, ווי מיט איין בעקוועמען מיטטעל אפצושרעקען די גרויזאמע בורזשואזיע, וואס האט געשטרעבט צום הערשאפט.

ער איז געווען א פערצוקערטער פערבייסען נאך די ביטערע נאהייקעס און קוילען, מיט וועלכע די רעגירונגען פלעגען זיך צורעכטמאכען מיט די אויפשטאנדען פון די דייטשע ארבייטער.

אויב דער „אמת'ער" דייטשער סאציאליזמוס איז אויף אזא אופן געווען א געוועהר געגען די דייטשע בורזשואזיע אין די הענד פון די רעגירונגען, איז ער אין דער זעלבער צייט געווען איין אונמיטעלבארער פערטיידיגער פון די רעאקציאנערע אינטערעסען, פון די אינטערעסען פון דעם דייטשען בירגער-קלאסס אין דייטשלאנד איז דער אמת'ער געזעלשאפטליכער פונדאמענט פון דעם עקסיסטירענדען ארדנונג געווען די קליינבירגערטום, וואס איז נאך געבליעבען פון 16-טען יאהרהונדערט, וועלכע שווימט נאך יעצט אלע ווײלע ווידער ארויף אויבען אין די אדער יענע פארם.

די פערבלייבונג פון קליינבירגערטום איז די זעלבע זאך ווי די פערבלייבונג פון דעם הערשענדען ארדנונג אין דייטשלאנד.

די קליינבירגער האָבען מורא געהאַט אַז די הערשונג פון דער בורזשואַזיע אין דעם האַנדעל און אין דער פּאָליטיק וועט אונפערמיידליך ברייננגען צו זייער אונטערגאַנג צוליעב די קאָנצענטרירונג פון קאַפּיטאַל פון איין זייט און צוליעב די ענטשטעהונג פון אַיין רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט פון דער אנדערער זייט. זוי האָט זיך געדוכט, אַז דער „אמת'ער" סאָציאַליזמוס דער'הרג'עט צוויי פליעגען מיט אַ מאָהל. און דעריבער האָט זיך די ריכטונג פערשפּרייט ווי אַיין מגפה. געוועבט פון פילאָזאָפישע שפּינוועבס, בעפּוצטע מיט בלומען פון שיינע פלפול'דיגע רעדעס, בעשפּריצט מיט טוי פון סאַנטימענטאַלע אַיידעלקייט פון גייסט—איין קלייד מיט איין איבערשטען בלאַסק, אין וועלכע די דייטשע סאָציאַליסטען האָבען אַיינגעוויקעלט זייערע עטליכע פערגליווערטע „אייביגע וואַרהייטען"—האָט דאָס פערגרעסערט נאָך דעם אויסברייגגען פון זייערע סחורות ביי די קליינבירגערליכע פובליק.

פון דער אַנדערער זייט איז דער דייטשער סאָציאַליזמוס אַלץ מעהר דורכגעדרונגען געוואָרען מיט דעם געדאַנק, אַז זיין אַרבייט איז צו זיין איין פערטיידיגער פון בירגערטום אין הויכע פראַזען.

ער האָט ערקלערט די דייטשע נאַציאָן פיר איין נאָרמאַלע נאַציאָן, דעם דייטשען בירגער פיר איין נאָרמאַלען מענשען. יעדער בירגערליכער נידעריגקייט האָט ער צוגעגעבען איין פערשטעלטען, איין העכערען, איין סאָציאַליסטישען זינן, און די נידעריגקייט פלעגט דאַדורך בעקומען גאָר איין אַנדערע ווערדע. ער האָט ענטוויקעלט זיין געדאַנק ביזן סוף, אַרויסטרעטענדיג אָן קונצען געגען דער ריכטונג פון קאָממוניזמוס, וואָס וויל אַלץ ווילד פערניכטען און ערקלערענדיג זיך העכער פון אַלע פּאַרטייען און פון יעדער קלאַססענקאַמפף. אחוץ אייניגע אויסנאַהמען געהערען כמעט אַלע ווערק, וואָס מען רופט זיי כלומרשט סאָציאַליסטישע און קאָממוניסטישע און וואָס ווערען געבריכט אין דייטשלאַנד, צו דעם סאָרט שמוציגע אָפּשוואַכענדע ליטעראַטור.

## 2 דער קאָנסערוואַטיווער אָדער דער בורזשואַזער סאָציאַליזמוס.

אַ געוויסע טייל פֿון דער בורזשואַזיע וואָלט געוואָלט מאַכען אַ סוף צו די סאָציאַלע צרות, כדי צו פֿערשטאַרקען די עקזיסטענץ פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט.

צו די טייל געהערען: עקאָנאָמיסטען, פֿילאַנטראָפּען, הומאַנע, גוטהערציגע מענשען, מענשען, וואָס ווילען פֿערבעסערן די לאַגע פֿון דעם אַרבייטער-קלאַסס, כלל-טהוער, מיטגליעדער פֿון די געזעלשאַפֿט געגען שכרות, און פֿערשיעדענע אַנדערע קלאָגעדיגע רעפֿאָרמאַטאָרען. דער בורזשואַזער סאָציאַליזמוס איז אויך געווען פֿונאַנדערגעאַרבייט אין גאַנצע סיסטעמען.

מיר וועלען צום ביישפּיעל אָנווייזען אויף פּרודאָנס „די פֿילאָזאָפֿיע פֿון אָרימקייט". דער רעוואָלוציאָנערער שטורמווינד פֿון 1848-טען יאָהר האָט אַראָפּגעראַמט אָט די גאַנצע היבש געניצטע ריכטונג און האָט אָפּגעשלאָגען ביי איהרע פֿאָרשטייהער יעדען לוסט ווייטער פֿערנעהמען זיך מיט סאָציאַליזמוס.

די סאָציאַליסטישע בורזשואַ ווילען איינהאַלטען די תנאים פֿון דער עקזיסטענץ פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט אָהן דעם קאַמפּף און דעם געפֿאַהר' וואָס מוזען פֿאָרקומען אָט צוליעב די תנאים. זיי ווילען איינהאַלטען די עקזיסטירענדע געזעלשאַפֿט אַ חוץ איהרע רעוואָלוציאָנערע און צושטערענדע עלעמענטען. זיי ווילען האָבען די היינטיגע בורזשואַזיע אָהן דעם פּראָלעטאַריאַט. די בורזשואַזיע, פֿערשטייט זיך, האַלט די וועלט, אין וועלכע זי הערשט, פֿיר די בעסטע וועלט. דער בורזשואַזער סאָציאַליזמוס אַרבייט אויס אָט די אָפּטימיסטישע פֿאָרשטעלונגען אין איין מעהר אָדער ווייניגער גענצליכע סיסטעם. דער בורזשואַזער סאָציאַליזמוס, צורופֿענדיג די פּראָלעטאַריער צו פֿערווירקליכען זיינע פּלענער און אַריינטרעטען אין דיזע ערד וואָס פֿליעסט מיט מילך און מיט האָניג, פֿאָדערט דעם עיקר נור, אַז זיי זאָלען ווייטער לעבען אין דער יעצטיגער געזעלשאַפֿט, זיי זאָלען זיך נאָר אָפּזאָגען פֿון זייער פֿיינדליכע בעציהונג צו דיזער געזעלשאַפֿט.

די צווייטע פֿאָרם פֿון סאָציאַליזמוס, איין ווייניגער סיסטעמאַטישע, אָבער איין מעהר פּראַקטישע, האָט געזעהן אָפּצואווענדען דעם אַרבייטער קלאַסס פֿון יעדער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג, בעווייזענדיג, אַז איהם קען ברענגען נוצען ניט די אָדער יענע פּאָ-

ליטישע איבערקעהרעניש, נור די אומבייטונג פון די מאַטעריעלע בעדינגונגען פון לעבען, פון דעם עקאָנאָמישען מצב. אָבער אונ־טער די אומבייטונג פון די מאַטעריעלע תנאים פון לעבען פערשטייט גיט אָט דער סאָציאַליזמוס די פערניכטונג פון די בורזשואַזע פראָ־דוקציאָנס-בעציהונגען, וואָס קען פערווירקליכט ווערען דורך איין רעוואָלוציאָן, נור איינינע פערבעסערונגען אין דעם רעגירונגס-מעכאַ־ניזמוס, פערבעסערונגען, וועלכע ווערען געמאַכט אויף דעם באָדען פון היינטיגע פראָדוקטיווע בעציהונגען, און וועלכע בייטען אַלזאָ גאָר ניט אום די שייכות צווישען דעם קאַפּיטאַל און דער אַרבייט און אין בעסטען פאַל פערקלענערן זיי פיר די בורזשואַזיע די הוצאות אויף איהר הערשאַפט און מאַכען איינפאַכער איהר מלוכה'ישעווירטשאַפט.

דער בורזשואַזער סאָציאַליזמוס שטעלט זיך אונז פאָר אין זיין גאַנצע שיינהייט בעזונדערס דאָרט, וואו ער ווערט מעהר ניט ווי אַ פוסטע קלינגענדע פראַזע.

פרייהייט פון האַנדעל! — אין די אינטערעסען פון אַרבייטער קלאַסס. פראַטעקציאָנע אָבצאָהלונגס פרייזען אויף סחורות [1] — אין די אינטערעסען פון אַרבייטער קלאַסס, אָט דאָס לעצטע איז דאָס איינציגע וואָרט פון בורזשואַזען סאָציאַליזמוס, וואָס קלינגט ניט פאַלש.

דער בורזשואַזער סאָציאַליזמוס ווערט געבראַכט צו דעם גע־דאַנק, אַז די בורזשואַ זיינען בורזשואַ... צוליעב די אינטערעסען פון אַרבייטער קלאַסס.

---

## 3) דער קריטיש—אוטאפיסטישער סאציאליזמוס און דער קאממוניזמוס.

מיר ריידען דאָ ניט וועגען די ליטעראַטור, וועלכע האָט ביי אַלע גרויסע רעוואָלוציעס אויסגעדריקט די פאָדערונגען פון דעם פראָלעטאַריאַט (די ווערק פון באַביאָף, למשל א. ז. וו.)

---

[1] הויכע פאשלינעס אויף אויסלענדישע סחורות, כדי זיי זאלען ניט קענען קאנקורירען מיט די ארטיגע פראדוקטען · די קאפיטאליסטען בעקומען אויף אזא אופן מעהר פראפיט אויף דעם חשבון פון דער בעפעלקערונג · דער איבערז·

די ערשטע פראָבען, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט געמאַכט, כּדי גלייך צופרידען צו שטעלען זיינע קלאַססען אינטערעסען, אין דער צייט פון אַלגעמיינער אויפרעגונג, ווען עס איז געפאַלען די הערשאַפט פון די פּריצים, האָבען נויטווענדיג געמוזט באַנקראָטירען. זיי האָבען באַנקראָטירט, ווייל דער פּראָלעטאַריאַט איז נאָך ניט געווען אינגאַנצען אַ'ן אויסגעבילדעטער קלאַסס, אגב דערפאַר, וואָס עס האָבען געפעהלט די מאַטעריעלע כחות אויף זיין בעפרייאונג, וועלכע ווערען אויסגעאַרבייט אין די בורזשואַזע עפּאָכע. די רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, וואָס איז נאָכגעגאַנגען נאָך די ערשטע בעוועגונגען פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז נאָך איהר אינהאַלט געווים איין רעאַקציאָנערע. זי פּרעדיגט אַלע זאַלען ווערען נזירים און אַז מען זאָל איינשטעלען אַלגעמיינע גלייכהייט אין איהר גראָבסטע פאָרם.

די סאָציאַליסטישע און קאָממוניסטישע סיסטעמען פון סען סימאָנען, פוריע, אָווענען א. ז. וו. בעווייזען זיך אין דער התחלה פון דעם קאַמפּף צווישען דעם פּלאָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע וועגען וועלכע מיר האָבען פריהער גערעדט (אין דעם קאַפּיטעל וועגען די „בורזשואַ און פּראָלעטאַריער").

פאַר די בעשעפער פון די סיסטעמען זיינען קלאָהר, ווי דער געגענזאַץ צווישען די קלאַססען, אַזוי אויך די ווירקונג פון די צושטערענדע עלעמענטען אין דער הערשענדער געזעלשאַפט, זיי זעהען אָבער ניט אין דעם פּראָלעטאַריאַט קיין היסטאָרישע זעלבסטטהעטיגקייט, קיין פּאָליטישע בעוועגונג, וועלכע ער דאַרף דורכפיהרען. די ענטוויקלונג פון די קלאַססען געגענזעצע געהט האַנד ביי האַנד מיט די ענטוויקלונג פון האַנדעל און אינדוסטריע. דעריבער געפינען זיי צו ווייניג כוחות אויף צו בעפרייען דעם פּראָלעטאַריאַט. זיי שטאַרעווען זיך צו בעשאַפען איין געזעלשאַפטליכע לעהרע און ענדעקען די סאָציאַלע געזעצען, כדי צו בעשאַפען די בעדינגונגען.

דעם אָרט פון טהעטיגקייט פון דעם כלל דאַרף פערנעהמען זייער איינענע געניאַלע טהעטיגקייט, דעם אָרט פון היסטאָרישע סבות—פאַנטאַסטישע בעדינגונגען, דעם אָרט פון בּיסלעבווייזיגע אָרגאַניזירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין איין קלאַסס—איין אָרגאַניזאַציאָן פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, וואָס זיי האָבען אַליין אויסגעקלעהרט. די וויטערדיגע וועלטליכע געשיכטע בעשטעהט פיר זיי

מעהר ניט אין פרעדיגען און פראַקטיש צו פערווירקליכען זייערע פלענער וועגען די געזעלשאַפטליכע אָרדנונג.

טאַקי, ווי איז קלאָר, אַז אין זייערע פלענער פערטיידיגען זיי די אינטערעסען פון דעם אַרבייטער קלאַסס, אַלס אַזאַ, וואָס ליידעט מעהר פון אַלעמען. דער פראָלעטאַריאַט עקזיסטירט פאַר זיי מעהר ניט פון דעם קוק, אַלס איין מעהר ליידענדער, דאָס וואָס דער קלאַססען-קאַמפף האָט זיך נאָך דאַן ערשט אָנגעהויבען און איז געווען שוואַך ענטוויקעלט, אויך זייער אייגענע לאַגע אין דער געזעלשאַפט ברייינגען צו דעריצו, אַז זיי רעכענען זיך העכער פון די קלאַססענגעגענזעצע. זיי ווילען פערבעסערען דעם לעבען פון אַלע מיטגליעדער פון דער געזעלשאַפט, אפילו פון די, וואָס לעבען אין גרייסען וואוילשטאַנד, דעריבער ווענדען זיי זיך צו דער גאַנצער געזעלשאַפט אָהן איין אונטערשיעד, זאָגאַר איבערהויפט צו דעם הערשענדען קלאַסס. נאָך זייער מיינונג, דאַרף מען נור פערשטעהן זייערע סיסטעמען און דאַן מוז מען שוין מודה זיין, אַז דאָס איז דער בעסטער פלאַן ווי איינצופיהרען די בעסטע עפענטליכע אָרדנונג. דעריבער שטויסען זיי אָפּ יעדע פאָליטישע טהעטיגקייט, אפשיטא שוין רעוואָלוציאָנערע, זיי ווילען דערגרייכען זייער ציעל מיט גוטען און פראָוועון זיך מיט קליינע עקספערימענטען, וואָס ברייינגען ניט קיינע נוטצען, מיט דעם אייגענעם ביישפיעל צו מאַכען איין וועג צום פערווירקליכען דעם היינטיגע געזעלשאַפטליכען בריה-החדשה.

זייערע פאַנטאַסטישע בעשרייבונגען פון דער געזעלשאַפטליכער צוקונפט ווערט אַרויסגערופען דאַן, ווען דער פראָלעטאַריאַט טהוט זיך אַ ריס מיט אַ מאָהל גרינדליך איבערצובייטען די געזעלשאַפטליכע אָרדנונג, ווען ער מאַכט איין אָנגרייפונג, צו וועלכען עס טרייבט איהם דער געפיהל. ווען דער פראָלעטאַריאַט איז נאָך שטאַרק ניט ענטוויקעלט, דאַן טראָגט זיין פאָרשטעלונג וועגען זיין לאַגע איין פאַנטאַסטישען כאַראַקטער.

אין די סאָציאַליסטישע און קאָממוניסטישע ווערק זיינען אָבער אויך דאָ קריטישע געדאַנקען. זיי קוקען איבער אַלס אויף וואָס עס שטיצט זיך די עקזיסטירענדע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג. אין דעם זינן האָבען זיי געגעבען זעהר איין קאָסטבאַרען מאַטעריאַל צו ענטוויקלען די אַרבייטער. זייערע אייגענע פראָעקטען, די פרינציפען, וואָס זיי ווילען פעסטשטעלען פיר דעם צוקונפטשטאַאַט, ווי למשל די פערניכטונג פון געגענזאַץ צווישען דאָרף און שטאָדט, די פערניכטונג פון דער פאַמיליע, פון פריוואַטרייכטהום, פון געדונגענע

אַרבייטער, די פרעדיגונג פֿון געזעלשאַפטליכען פֿריעדען, דאָס איינפֿיהרען אנשטאַט דער מלוכה איין פשוטע איינאָרדנונג און רעגירונג איבער די פּראָדוקציאָן—די פּרינציפּען וועלען מעהר ניט סוף כל סוף פֿערניכטען די קלאַססענגעגענזעצע, וועלכע האָבען זיך נאָך ערשט דאַן אָנגעהויבען צו ענטוויקלען און זיינען נאָך געוועזען בעקאַנט אין זייער אָנפֿאַנגס פֿאָרם, זיינען געוועזען ניט קלאָר און אונבעשטימט. דעריבער טראָגען די פּרינציפּען גופא איין ריין אוטאָפּיסטישען כאַראַקטער.

די ווערדע פֿון דעם קריטיש-אוטאָפּיסטישען סאָציאַליזמוס און פֿון דעם קאָממוניזמוס ווערט וואָס ווייניגער, וואָס מעהר עס ענטוויקעלט זיך היסטאָריש די געזעלשאַפֿט. וואס מעהר עס ענטוויקעלט זיך און ווערט מעהר בעשטימט דער קלאַססען-קאַמפּף, אַלץ ווייניגער פּראַקטישען זינן בעקומט אָט די שטרעבונג פֿון די אוטאָפּיסטען זיך שטעלען העכער פֿון דעם קלאַססען קאַמפּף. איין טעאָרעטישען הינזיכט האָט ער נאָך ווייניגער מיט וואָס זיך צו פֿערענטפּערן. די גרינדער פֿון דיזע טעאָריען, פֿון דיזע סיסטעמען זיינען געוועזען גרויסע רעוואָלוציאָנערען, זייערע תלמידים בילדען אבער גאַנץ רעאַקציאָנערע סעקטען. זיי האַלטען זיך פֿעסט ביי די געדאַנקען פֿון זייערע לעהרער און מאַכען זיך ניט וויסען פֿון דעם ווייטערדיגען ענטוויקלונגס-גאַנג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט. זיי ווילען מאַכען ניט קענטיג דעם קלאַססען קאַמפּף און אָפּשאַפֿען די פֿיינדשאַפֿט צווישען די קלאַססען. זיי ווילען נאָך אַלץ פֿערווירקליכען זייערע חלומות דורך גרינדען פּאַלאַנסטערען, איינפֿיהרען קאָממוניסטישע קאָלאָניען א. ז. וו. כדי אויפצובויען די אַלע לופטשלעסער, דאַרפֿען זיי זיך ווענדען צו די מענשענליעבע פֿון די בורזשואַזע הערצער און בייטלעך. ביסלעכווייז געהען זיי אַריבער צו די רעאַקציאָנערע און קאָנסערוואַטיווע סאָציאַליסטען, וועגען וועלכע מיר האָבען פֿריהער גערעדט. זיי טרעטען אַרויס מיט עקשנות געגען יעדע אַרבייטער בעוועגונג, וואָס טראָגט איין פּאָליטישען כאַראַקטער. זיי מיינען, אַז דאָס קומט אַרויס מעהר ניט צוליעב דעם, וואָס מען גלייבט ניט אין זייער נייעם גן-ערן.

אָוועען טרעט אַרויס געגען די טשארטיסטען אין ענגלאַנד,
פוריע—געגען די וואַהל- רעפֿאָרמען אין פֿראַנקרייך.
צווישען די פּאָליאַקען שטיצען אונטער די קאָממוניסטען די

פּאַרטיי וואָס שטעלט זיך פֿיר איין ציעל די רעוואָלוציאָן און די פֿערניכטונג פֿון ערד אייגענטום, אַלס נויטיגע בעדינגונגען פֿיר די נאַציאָנאַלע בעפֿרייאונג. דאָס איז די זעלבע פּאַרטיי וואָס האָט בעשאַפֿען דעם קראַקאָווער בונט פֿון 1846 יאָהר,

אין דייטשלאַנד קעמפּפֿען די קאָממוניסטען צוזאַמען מיט די בורזשואַזיע אין דעם פֿאַל, ווען די לעצטע זיינען רעוואָלוציאָנער, געגען די זעלבסטהערשונג, געגען די פֿריצישע אייגענטום אויף ערד און דעם קליינבירגערטום.

זי הערט ניט אויף אָבער אויף איין מאָמענט אויסצואַרבייטען ביי די אַרבייטער דעם פֿערשטאַנד פֿון דעם טיעפֿען אָבגרונד, וואָס ליעגט צווישען דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט. און ווי נאָר די בורזשואַזיע וועט פֿערנעהמען איין הערשענדע לאַגע וועט דער פּראָלעטאַריאַט געגען איהר אַנווענדען איהר אייגענעם געוועהר, אַט די זעלבע עפֿענטליך פּאָליטישע בעדינגונגען, וועלכע זי וועט איינשטעלען ביי איהר הערשונג. נאָך דעם פֿאַלען פֿון די רעאַקציאָנערען קלאַססען אין דייטשלאַנד וועט ער גלייך אָנהויבען אַ קאַמפּף מיט דער בורזשואַזיע. די קאָממוניסטען ווענדען איבערהויפּט אָן זייער אויפֿמערקזאַמקייט אויף דייטשלאַנד, ווייל זי געפֿינט זיך ערב די רעוואָלוציאָן — דאָרטען וועט די איבערקעהרעניש פֿאָרקומען ביי איין העכער ענטוויקעלטען צושטאַנד פֿון דער אייראָפּייאישער ציוויליזאַציאָן בכלל און ביי מעהר ענטוויקעלטען פּראָלעטאַריאַט, ווי אין ענגלאַנד אין *17*-טען יאָרהונדערט און אין פֿראַנקרייך אין 18-טען. די דייטשע רעוואָלוציאָן קען בכן זיין גלייך צוטרעט צו דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליציאָן.

מיט איין וואָרט, די קאָמוניסטען האַלטען אומעטום אונטער יעדע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג געגען די עקסיסטירענדע געזעלשאַפֿטליכע און פּאָליטישע אָרדנונג. אין אַלע בעוועגונגען געגען דעם עקזיסטירענדען געזעלשאַפֿטליכען און פּאָליטישען אָרדנונג שטעלען קאָממוניסטען פֿאָרויס די פֿראַגע וועגען אייגענטום, אויף וועלכע מדרגה פֿון ענטוויקלונג זי זאָל ניט זיין.

ענדליך, אַרבייטען די קאָממוניסטען אומעטום איבער די פֿעראייניגונג און די איינשטימונג פֿון אַלע אַרבייטער-פּאַרטייען אין אַלע לענדער די קאָממוניסטען רעכענען פֿיר אַ שאַנדע צו בעהאַלטען זייערע מיינונגען און שטרעבונגען. זיי זאָגען אַרויס אָפֿען, אַז זייער

ציעל קען דערגרייכט ווערען נור מיט אַגעוואַלטיגע איבערקעהרעניש פון די גאַנצע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג. זאָלען די הערשענדע קלאַסען ציטערען פאַר די קאָמוניסטישע רעוואָלוציאָן. די פראָלעטאַריער קענען קיין זאַך ניט פערלירען אין זייער קאַמפף, חוץ זייערע קייטען, געווינען קענען זיי אָבער די גאַנצע וועלט.



## עס זיינען ארויס פאלגענדע אויסגאבען

**ק. קויטסקי**. די אינטערעסען פון די היינטיגע קלאססען. פרייז 7 ק.

**ר. ווידעל**. דער נארמאלער ארבייטס-טאג. " 5 ק.

**ק. מארקס** און **פר. ענגעלס**. דער קאממוניסטישער מאניפעסט. " 6 ק.

## עס וועלען אין גיכען ערשיינען:

**ק. מארקס**. לוינארבייט און קאפיטאל.

**א. מירבא**. ושאן און מאדעלענא. א דראמע פון ארביי-טער לעבען. אין 5 אקטען.

**ק. קויטסקי**. די סאציאלע רעפארמען און די סאציא-לע רעוואלוציאן.

**ק. קויטסקי**. אויף מארגען נאך דער סאציאלער רעוואלוציאן.

**לאבריאלא**. בליק איבער די מאטעריאליסטישע אויפ-פאסונג פון דער געשיכטע.



מיט פֿאָדערונגען זיך ווענדען:

*Г. ХАИМУ МЕРКИНУ.*

Вильна, Садовая ул. д. № 7 кв. 16.